# דער יוד

# DER JUDE

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.



אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פוי מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.



דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
רען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.



קראקויא, חשון תרס"ב. נומר 43 Krakau, 31 October 1901.


## אינהאלט.


א) צו די נייע תקנות פון דער בילדונגס-חברה י. ל.
ב) די יודישע קאלאניאלבאנק.
ג) יודישע ארימע קראנקע אויפ'ן אדעסער לימאן. מענדל לעווין.
ד) פאליטישע איבערזיכט. י. ל.
ה) בריעף פון ארץ ישראל. דער אלטער ציוניסט.
ו) יודישע שטעדט און שטעדטליך. אמת.
ז) יודישע פאלקסבילדונג אין דער ליטא.
ח) די יודישע וועלט.
ט) מיין הארץ איז אין מזרח. גערדיכט. ל. יפה.
י) יאנקא דער מוזיקאנט. ערצעהלונג. הענריק סענקיעוויטש.
יא) אזוי. ערצעהלונג. יהודה שטיינבערג.
יב) די חשמונאים. פעלעטאן. א. ש. פריעדבערג.


### ה. תרס"ב ← וואכען-קאלענדער (לוח) ← 1901

| די טעג פון חודש | וואך | ליסטאפאד-נאוועמבער | | נייער ס. נאוו. | אלט. ס. אקט. |
|---|---|---|---|---|---|
| כ"א | זונטאג | | | 3 | 20 |
| כ"ב | מאנטאג | | | 4 | 21 |
| כ"ג | דינסטאג | | | 5 | 22 |
| כ"ד | מיטוואך | | | 6 | 23 |
| כ"ה | דאנערס. | | | 7 | 24 |
| כ"ו | פרייטאג | | | 8 | 25 |
| כ"ז | שבת | פרשת חיי | | 9 | 26 |

| טאג | יאהר | קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע. |
|---|---|---|
| כא | דתתקכח | געהרגט עקדה"ש ה"ר דוד ב"ר לוי אין ווארמס. |
| „ | ה. שע"א | פערברענט 2 אנוסים אין לאגרען (שפאניען). |
| כב | ה. תר"ל | געשטארבען ה"ר יחזקאל לנדא ראב"ד בווילנא. |
| כג | ה. ת"ז | האט דער פוילישער קעניג פערבאטען קריסטליכע מלוים צו פערקויפען קריסטען יודישע הייזער פאר חובות. |
| כד | ה. ת"ד | געשטארבען אין חברון ה"ר אברהם אזולאי. |
| כה | ג. תרנ"ב | האט יוחנן הורקנוס איינגענומען און צושטערט שמרון. |
| כו | ח. נ"ב | ארויסגעטריבען יודען פון ענגלאנד. |
| „ | ה. קנ"ד | „ יודען פון פראנקרייך. |
| „ | ה. ר"ח | האט פאפסט ניקאליי VIII פערבאטען עלילת-דם. |

## צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין לאנדאן:
R. Mazin, Bookseller 100 Old Montague Str. London, E.

אין אמעריקא:
R. Kantorowitz, 4 Rutger Str. New-York


דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

III. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 43

# דער יוד

ציישריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
— פערלאג: חברת „אחיאסף". —

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
רייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאהרליך —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.

מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

ענדערען די אדרעססע קאסט
20 קאפ.

קראקויא, חשון תרס"ב. נומר 43. Krakau, 31 October 1901.

## צו די נייע תקנות פון דער בילדונגס־חברה.

די פעטערבורגער חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען אין רוסלאנד האט איצט נעקראגען די בעשטעטיגונג אויף די פערענדערונגען אין איהרע תקנות. דורך די אומענדערונגען האט די פעטערבורגער חברה געוואלט מעהר צופאסען איהרע תקנות צו דער איצטיגער צייט, ווען עס ווערען צו איהר געשטעלט גרעסערע פאדערונגען. איצט, בעת די מיטעלשולען און אוניווערזיטעטען זענען פאר יודען כמעט פערמאכט, איצט, בעת דער גרעסטער טהייל פון אונזערע קינדער האט נור די מעג־ליכקייט זיך צו לערנען אין יודישע שולען, ענטשטעהט נאטירליך די נייטהינקייט צו קומען צו הילף אונזער פאלק אין דעם שטארקער געוואַ־רענעם בעדערפעניש זיך צו בילדען און צו לערנען. די פעטערבורגער חברה האט ניט געוואלט בלייבען הינטערשטעליג און זי האט אויסגעאר־בעט פערענדערונגען, דורך וועלכע זי זאל קענען דערווייטערן איהר אר־בייטספעלד. אבער ניט אלע פונקטען זענען פערענדערט געווארען לויט איהר פערלאנג. די בקשה פון דער חברה אויף איהר אייגענעם נאמען צו עפענען שולען איז ניט ערפילט געווארען. דערפאר אבער האט די חברה נעקראגען דאס רעכט צו קויפען אונבעוועגליכע גיטער (ערד און הייזער) פאר שולען. איהר אלטעס רעכט צו שטיצען שולען און שילער איז דערווייטערט געווארען דורך די ערלויבניש צו שטיצען אויך לעהרער. דאס אלטע רעכט פון דער חברה, ארויסצוגעבען צייטונגען און זשורנאלען (וועלכעס איז אייגענטליך געוועזן נור אויפ'ן פאפיר), איז איצט פון איהר צוגענומען געווארען. די השגחה פון דער רעגירונג איבער די חברה איז דורך א צוגעגעבענעם פונקט פערגרעסערט געווארען. צו די פריהערדיגע 5 מדרגות איז צוגעקומען איין נייע מדרגה פון חברים, וואס צאהלען נור 5 רובל א יאהר. דער דאזיגער פונקט איז וויכטיג, ווייל ער וועט געבען דער חברה די מעגליכקייט צוצוציעהען פיעל נייע חברים, פאר וועלכע די ביז איצטיגע קלענסטע איינצאהלגעלד פון 10 רובל איז צו שווער געוועזן.

א גרויסע וויכטיגקייט קען בעקומען דער פונקט, דורך וועלכען די חברה האט געקראגען דאס רעכט צו האבען מיטארבייטער מורשים, וואס ארבייטען אין נאמען פון דער חברה אין דער פראווינץ. דורך די מורשים וועט די חברה קריגען די מעגליכקייט ארייגצוטרעטען אין נעהנטערע פערבינדונגען מיט די יודישע שטעדט און שטעדטליך און ארויסצורופען א גרעסערע און לעבעדיגערע ארבייט אין די פיעל מקומות פון רוסלאנד, וואו עס זענען נאך ביז איצט קיין בעזונדערע אבטהיילונגען פון דער חברה ניט געגרינדעט געווארען. פעטערבורג איז צו ווייט פון דעם שטראם פון דעם יודישען לעבען, פון פעטערבורג אויס קען דערום ניט גרינג געפיהרט ווערען די שווערע ארבייט פון דער בילדונג אהן די הילף פון די ארטיגע ארבייטער. דורך די מורשים וועט געשאפען ווערען א שטענדיגער צובונד צווישען דעם קאמיטעט אין פעטערבורג און די ארבייטער אין דער פראַ־ווינץ; די החלטות פון קאמיטעט וועלען דורך דעם קענען געבויט ווע־רען אויף דער בעקאנטשאפט מיט די אמת'ע בעדערפנישען פון דער פראווינץ און געשטיצט דורך די הילף פון די מיטארבייטער וועלען זיי אויך גיכער און בעסער קענען דורכגעפיהרט ווערען.

די מיטארבייטער, וואס זענען אויפ'ן ארט, ווייסען בעסער ווי דער קאמיטעט פון פעטערבורג וועלכע בעדערפנישען זענען וויכטיגער און וועלכע קענען גרינגער בעפרידיגט ווערען. זיי וועלען אויך קענען מעהר זארגען פאר די פערגרעסערונג פון דער הכנסה און פאר די בעסערע פערווענדונג פון דעם געלד. די מורשים וועלען ארום זיך פעראייניגען די בעסטע ארטיגע קרעפטען, און דורך דעם וועט די ארבייט פון דער בילדונגס-חברה קענען אוועקגעשטעלט ווערען אויף געזונדע און קרעפ־טיגע יסודות.

די חברה זאל באמת קענען וואקסען און בליהען איז ניט גענוג צו ענדערן נור די תקנות. בלויז די פערברייטונג פון בילדונג אליין, ד. ה. די פערברייטונג פון געוויסע קענטניסען איז נאך אויך ניט גענוג. ביל־דונג קען נור דאן געשעצט ווערען, ווען זי דערהויבט דעם מענשליכען גייסט, ווען זי איז מסוגל צו געבען דעם מענשען א הויכעס אידעאל, וואס בערייכערט און בעשיינט דאס לעבען זיינס. וויל נור די חברה צוציעהען צו זיך די שאפענדע קרעפטען פון אונזער פאלק, מוז זי בע־לעבט זיין פון א הויכען רעיון, וועלכער קען געפינען איין אבקלאנג אין דעם יודישען הארצען. עס איז קלאר, אז דער איינציגער תנאי, אונטער וועלכען די חברה קען קריגען א גרויסע בעדייטונג, איז נור דער, דאס זי זאל געטראגען ווערען פון דעם יודישען גייסט; איהר צוועק דארף זיין צו ערציעהען אין אונזערע קינדער ניט נור גוטע מענשען, נאר אויך גוטע יודען: איינס אהן דעם אנדערען איז אונמעגליך. צוזאמען מיט דער אלגעמיינער בילדונג דארף די חברה זארגען צו פערברייטען די קענטנים פון דער העברעאישער שפראך און דער יודישער געשיכטע.

אין איהר אַרבייט פֿאַר די פֿערבעסערונג פֿון דער ערציעהונג אין אונזער פֿאָלק דאַרף די חברה אָנהויבען פֿון אונטען, פֿון די חדרים און תלמוד־תורה׳ס.

ביז איצט זענען די חדרים געוועז אין גאַנצען פֿערלאָזען. אונזער אינטעליגענץ האָט נור געוואוסט אָבצולאַכען פֿון זיי. קיינער האָט ניט גע׳דאַגה׳ט איבער זייער פֿערבעסערונג, האָטש יעדער האָט געוואוסט, אַז אין די חדרים און תלמוד־תורה׳ס לערנט זיך דער גרויסער רוב פֿון יודישע קינדער. איצט אָבער הויבט מען שוין ענדליך אָן צו פֿערשטעהן, אַז ווען מען וויל פֿערבעסערן דעם שטאַנד פֿון ערציהונג אין אונזער פֿאָלק, דאַרף מען אָנהויבען די אַרבייט דוקא פֿון די חדרים. אין די לעצטע יאָהרען האָט די נאַציאָנאַלע בעוועגונג געשטאַרקט אומעטום דאָס אינטערעס צו דער פֿאָלקס־ערציהונג, אין פֿיעל שטעדט זענען געגרינדעט געוואָרען חברות אָדער עס האָבען זיך געפֿונען איינצעלנע מענשען, וואָס האָבען געעפֿענט „מוסטער־חדרים“. די חברות אָבער האָבען אין ערגיץ קיין לאַנגען קיום ניט געהאַט. די איינצעלנע גרינדער האָבען דאָס רוב אויך ניט געהאַט גענוג מיטלען אָדער גענוג געדולד איבערצוּוואַרטען די שווער׳ע צייט, וועלכע איז אין אָנהויב פֿון יעדער נייער אַרבייט. דערום זענען פֿיעל פֿון די מוסטער־חדרים אָדער פֿערמאַכט געוואָרען אָדער זענען ניט געקומען צו דעם שטאַנד, אויף וועלכען מען האָט זיי געוואָלט אַוועקשטעלען. דער נסיון האָט געוויזען, אַז די אַרבייט פֿאַר די חדרים קען ניט בלייבען אין די הענד פֿון צופֿעליגע צדקה־חברות, וועלכע היינט לעבען זיי און מאָרגען שטאַרבען זיי, ווי דאָס רוב פֿון אַלע אונזערע ניט בעשטעטיגטע חברות. ווען מען וויל, אַז די אַרבייט פֿאַר די אויסבעסערונג פֿון די חדרים און תלמוד־תורה׳ס זאָל באֱמת האָבען אַ ממשות, מוז זי געפֿיהרט ווערען פֿון אַ פֿעסט אָרגאַניזירטער און בעשטעטיגטער חברה, און אַזאַ חברה איז נור די, וועלכע מיר האָבען אין פֿעטערבורג. אויב די חברה וויל נור ניט בלייבען איינגעגליווערט אין די אַלטע אָבגעלעבטע פֿאָרמען, מוז זי זיך אָברופֿען אויף די פֿאָדערונגען פֿון דעם איצטיגען לעבען און איהר מעהרסטע אַרבייט אַריבערטראָגען אויף די הילף פֿאַר די פֿערבעסערונג פֿון חדרים און תלמוד־תורה׳ס, וועלכע זענען דער איינציגער יסוד, אויף וועלכען עס איז געשטעלט די בילדונג פֿון אונזער פֿאָלק. וועט נור דער חברה געראָטען צו מאַכען פֿון אונזערע חדרים און תלמוד־תורה׳ס גוטע יודישע פֿאָלקסשולען, וועט זי דאַן מיט רעכט קענען זאָגען, ווייזענדיג אויף איהר גרויסע אַרבייט: „הִגְדַּלְנוּ לַעֲשׂוֹת“.

זאָרגענדיג פֿאַר די חדרים און תלמוד־תורה׳ס דאַרף צוגלייך די חברה אויך זאָרגען פֿאַר די אויסבילדונג פֿון יודישע לעהרער. עס איז אַלעמען בעקאַנט, אַז די ערציהונג פֿון אונזערע קינדער ליידט זעהר פֿיעל דורך דעם, דאָס עס זענען אין ערגיץ ניטאָ קיין גוטע לעהרער. עס איז טרויעריג, דאָס פֿון אַלע יודישע יונגע לייט, וואָס ענדיגען מיטעלשולען, געפֿינט זיך נור זעלטען ווער, וואָס זאָל טראַכטען זיך אָבצוגעבען מיט לעהרעריי. ביי אַנדערע פֿעלקער געהען טויזענדער יונגע לייט און מיידליך אין דאָרפֿסלעהרער אָדער דאָרפֿסלעהרערקעס; צוליעב דעם הויכען צוועק, וועלכען זיי שטעלען זיך, זענען זיי גרייט צו לעבען אין דחקות און אין דער אָבגעריסענקייט פֿון יעדער קולטור, און ביי אונז האָט אַפֿילו די נאַציאָנאַלע בעוועגונג ניט אויסגעלערנט אונזער יוגענד מעהר צו שעצען די ערציהונגסאַרבייט. יעדער פֿון אונזערע יונגע לייט שטופּט זיך אין אוניווערזיטעט, מען פֿאָהרט אויסעק וועלט און דאָס רוב נור צוליעב אַ טיטעל אָדער אַ בעסערער שטעלונג. מען קומט בעסער אָן אין קאַנטאָרען, מען ווערט סוחרים, אַבי נור קיין לעהרער ניט צו זיין. דערום זענען ביי אונז לעהרער און מלמדים נור מענשען, וואָס טויגען צו קיין זאַך ניט, אָדער מענ־

# פֿעלעטאָן.

## די חַשְׁמוֹנָאִים.

(פֿאָרטזעטצונג).

הורקנוס שלאָס, בעקאַנט אונטער דעם נאָמען טיראָס, האָט געהאַט אַרום זיך אַ שטאַרקע פֿעסטונג, אינעווייניג אָבער איז עס געוועזן ווי אַ גַן־עֵדֶן. דער פּאַלאַץ איז געווען פֿון ווייסען פּאָלירטען מאַרמאָר, איינגעטהיילט אין פֿיעל גרויסע קוואַרטירען מיט בעקוועמע אויפֿגעפּוצטע צימערן. פֿון אַלע זייטען זענען געווען געפּלאַנצטע גערטנער מיט אַלערליי פֿרוכטבוימער און פּרעכטיגע וואָהלשמעקענדע בלומען. אין מיטען הויף אַ גרויסער פֿאָנטאַן, וואָס שפּריצט זיין וואַסער זעהר הויך אַרויף, פֿון דאָרט פֿאַלט עס צוריק אין אַ ערקווויקליכען טהוי, וואָס קיהלט די הייסע זומערלופֿט. אַרום דעם פּאַלאַץ אַ פֿעסטע דיקע און הויכע מויער, אַרום דער מויער אַ טיפֿער וואַסערגראָבען. דער איינגאַנג אין דער פֿעסטונג איז געווען אַזוי שמאָל, דאָס צוויי מענשען האָבען צוגלייך ניט געקענט דורכגעהען. אין דער דיקער מויער זענען געווען וואָהנונגען פֿאַר זיין גאַרניזאָן, אויף דעם הויכען טהורם איז שטענדיג געשטאַנען אַ וואַך, אום צו פֿערהיטען פֿאַר די פֿיינדליכע פֿעלקער, וועלכע זענען געווען אונצופֿרידען מיט הורקנוס הערשאַפֿט. דען ער איז געווען געגען זיי זעהר שטרענג. דאַגעגען אָבער איז ער געווען זעהר גוט און פֿריינדליך געגען זיינע פֿריינד, און זיינע פֿריינד זענען געווען אַלע פֿון דער פֿרומער נאַטיאָנאַלער פּאַרטיי, וועלכע האָבען איהם זעהר געליעבט און געעהרט. זיינע נעהנטסטע פֿריינד זענען געווען: חוניו דער כֹּהֵן גָּדוֹל, מַתִּתְיָהוּ הַכֹּהֵן פֿון דער פֿאַמיליע חשמונאים, אונזערע צוויי גרויסע לעהרער, יוֹסֵי בֶּן יוֹעֶזֶר און יוסי בֶּן יוֹחָנָן, וועלכע האָבען געהאַלטען אַ גרויסע יְשִׁיבָה אין יְרוּשָׁלַיִם. אויך זייערע בעסטע תלמידים האָבען געהאַט פֿרייען צוגאַנג אין טיראָס. אונטער זיי זענען געווען די פֿינף זיהן פֿון מתתיהו הכהן, איינער פֿון די פֿינף, יהודה, איז געווען מיין בעסטער חבר, זייט איך בין אַוועק פֿון מיינע גיטער אין עֵין־גֶּדִי און געקומען נאָך ירושלים אום תורה צו לערנען. יהודה האָט מיך בעקאַנט געמאַכט מיט די גרעסטע לייט פֿון דער פֿרומער פּאַרטיי. הורקנוס פֿרוי, שלומית, איז געווען די טאָכטער פֿון איין זעהר רייכען און געאַכטעטען פֿרומען מאַן, פֿון די גרעסטע לייט פֿון ירושלים. זיין נאָמען איז געווען רְצִיץ בֶּן רֶגֶשׁ; ער איז געווען איין איידעם פֿון דעם בעריהמט׳ן רייכען כהן אלעזר בן חרסום, פֿון וועלכען עס ווערט ערצעהלט, דאָס ער האָט אַמאָל אַוועקגעוואָרפֿען אַלע זיינע גיטער און אוצרות, און נור מיטגענומען עטוואָס שפּייז און געוואַנדערט איבערן לאַנד, אום צו לערנען תורה פֿאַר זיך און מיט אַנדערע. חנה, אלעזר בן חרסום׳ס טאָכטער, רציץ׳ס פֿרוי און הורקנוס שווינער איז געווען זעהר אַ פֿרומע, פֿריינדליכע פֿרוי, וועלכע האָט געשטיצט די גרעסטע ישיבה אין ירושלים. אַלס תלמיד פֿון דער ישיבה און אַלס חבר פֿון יהודה בין איך אויך געוועזן איין געווינשטער גאַסט אין טיראָס. איך בין נאָך דעמאָלט געוועזן אַ בחור, און ווייל מען האָט געוואוסט דאָס איך בין רייך און האָב גרויסע גיטער אין עין־גדי, האָב איך אויך זיך געהאַט פֿיעל בַּעֲלָנִים פֿון די רייכסטע אָנגעזעהענסטע לייט אין ירושלים, וועלכע האָבען געוווּנשען מיך צו בעקומען פֿאַר אַ איידעם. אין טיראָס אָבער איז געווען איין מאַגנעט, וועלכער האָט מיך נור אַהין געצויגען — און האָט מיר ווירקליך געבראַכט צו מיין גליק.

שען, וואָס פֿערנעהמען זיך מיט לעהרעריי נור „אויף דערווייל‟, ביז מען קריגט איין אנדער בעשעפֿטיגונג.

די בעסערע איינאָרדנונג אין אונזער ערציהונגסאַרבייט און די גרינדונג פֿון נייע מוסטער־חדרים וועט מעהר פֿעראינטערעסירען אונזער יוגענד מיט לעהרעריי. די חברה דאַרף קומען צו הילף די יונגע לייט, וועלכע ווילען זיך פֿאָרברייטען צו ערציהער. זי דאַרף דערצו מיטהעלפֿען יונגע לייט, וואָס האָבען געקראָגען איין אַלגעמיינע בילדונג זיך אויסצובילדען אין יודישע למודים, און אומגעקעהרט דאַרף זי יונגע לייט, וואָס האָבען זיך געלערנט אין ישיבות, געבען די מענליכקייט זיך אויסצובילדען אין אַלגעמיינע וויסענשאַפֿטען.

נאָך איין פונקט איז דאָ אין דעם פּראָגראַם פֿון דער חברה, וועלכער שטעהט ביז איצט צו פֿיעל אין שאָטען. דאָס איז דער פונקט איבער שטיצע פֿאַר יודישע ליטעראַטור אין העברעאישער און רוסישער שפּראַך. אונזער ליטעראַטור, וועלכע האָט נור אַ קליינע צאָהל לעזער, קען מיט איהרע אייגענע קרעפֿטען אַליין זיך ניט האַלטען. זי מוז געשטיצט ווערען, דערהויפּט מוזען געשטיצט ווערען וויסענשאַפֿטליכע ווערק, וועלכע האָבען אויך אין לעבעדיגע שפּראַכען ביי גרויסע פֿעלקער נור ווינציג לעזער. ביי אנדערע פֿעלקער ווערען וויסענשאַפֿטליכע ארבייטען געשטיצט פֿון אַקאַדעמיעס, אוניווערזיטעטען און רעגירונגען, ביי אונז דאַרפֿען דעם הוב צו דער ליטעראַטור ערפֿילען נור אונזערע חברות. י. ל.

# די יודישע קאָלאָניאַל־באַנק.

**אַ מודעה פֿון דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט.**

עס ווערט מיטגעטהיילט, אַז לויט דעם 4־טען פונקט פֿון די תקנות ווערט די באַנק „אַרבייטספֿעהיג‟, ד. ה. זי בעקומט דאָס רעכט אָנצוהויבען פֿיהרען געשעפֿטען.

מיט די בעראַטהונגען און בעשליסען פֿון די דירעקטאָרען במשך פֿון דער פֿאָריגער וואָך איז געקומען איין סוף צו דער ערשטער און שווערסטער צייט פֿון אונזער באַנק. די מענשען, וועלכע האָבען מיט גרויס מאַטערניש אויסגעפֿיהרט דאָס ווערק, קומט אַ גרויסען דאַנק. פֿיעל ציוניסטען האָבען אין דער לעצטער שעה גענומען אויף זיך אַ נייעם חיוב, כדי די באַנק זאָל קענען געעפֿענט ווערען. זיי האָבען עס געוויס נישט געטהון צוליעב אַ דאַנק אָדער צוליעב כבוד. דורך זייער בעמיהונג איז געשאַפֿען געוואָרען די 20,800 פֿונט (אַנ׳ערך פֿון 200,000 רובל), וועלכע האָבען געפֿעהלט צו דער נייטהיגער סומע.

איצט איז נייטהיג מודיע צו זיין, ווי עס וועט זיך פֿיהרען דערווייל די באַנק, לויט דעם בעשלוס פֿון די דירעקטאָרען און דעם קאָמיטעט פֿון די משגיחים (אויפֿזיכטסראַטה). עס איז בעזונדערס נייטהיג צו ערקלערען, וואָס בעטייט די אַרבייטספֿעהיגקייט פֿון דער באַנק. ארבייטספֿעהיגקייט הייסט, אַז די באַנק האָט שוין דאָס רעכט צו פֿיהרען געשעפֿטען און מאַכען קאָנטראַקטען. דערמיט איז געזאָגט, אַז די קאָלאָניאַלבאַנק קאָן מאַכען געשעפֿטען, נישט אָבער אַז זי מוז מאַכען געשעפֿטען. ביי דער גרינדונג פֿון דער באַנק איז בעשטימט געוואָרען, אַז זי דאַרף נישט אָנהויבען פֿריהער אונטערצונעהמען געשעפֿטען, ביז זי וועט ניט האָבען אַ פֿערמעגען פֿון 250,000 פֿונט שטערלינג. אין משך פֿון דער צייט, וואָס עס איז אַליץ נעהגטער געוואָרען צו דער עפֿנונג פֿון דער באַנק, זענען פֿאָרגעלעגט געוואָרען פֿערשיעדענע געשעפֿטען, צווישען וועלכע איינינע קענען געהאַלטען ווערען נאָך זאָרגפֿעלטיגער פּריפֿונג פֿאַר לוינענד. נאָר פֿון דעסטוועגען איז קיין פֿאָרשלאָג דערווייל נישט אָנגענומען געוואָרען. דער אויפֿזיכטסראַטה, וועלכער האָט אָבגעהאַלטען אַ פּערזאַמלונג, איז נאָך ווייטער געגאַנגען און אָנגענומען דעם בעשלוס, אַז דערווייל זאָל די יודישע באַנק נישט מאַכען קיין

---

יודישע טעכטער זענען מיט זייער שענקייט בעריהמט אין דער וועלט, אָבער די שענסטע פֿון זיי זענען נור צו געפֿינען אין ירושלים. און דאָך איז ניט קערפּערליכע שענקייט אַליין דער עִיקר, ווען עס פֿעהלט דערצו די מאָראַלישע גייסטיגע שענקייט וועלכע האָט אַליין די קראַפֿט גאַנץ בעזונדערס צו בעצויבערן. שענע פֿרויענצימער זענען אויך פֿאַרהאַן גענוג אונטער די נעטצענדינער, בעזונדער אונטער די גריכישע פֿריילינס, יענע בעזיצען נאָך דערצו די קונסט, די מאַנסלייטע צו זיך צוצוציהען. אָבער די קונסט צו געפֿעלען דאָס איז דַוְקא זייער פֿעהלער. זיי ציהען צו די מאַנסלייט צו זיך מיט קאָקעטעריע, דורך אויסגעלאַסענהייט, די יודישע פֿריילינס אָבער געווינען פֿיעל מעהר דורך זייער נאַיוויטעט, זייער אונשולד. דען קיין קונסט קען ניט געבען דעם צויבער, וועלכער בעשיינט דאָס עהרליכע קינד, וואָס איז אַזוי אונשולדיג, דאָס זי ווייס אַליין ניט ווי שען עס איז. נור אַזאַ פֿריילין איז אים שטאַנד צו בעגליקען דעם מאַן. זי איז גלייך צו דער ראָזע פֿון יריחו, וועלכע איז אַזוי רייצענדיג מיט איהרע פּראַכטפֿאָלע פֿאַרבען, אָבער איהר אַנגענעהמען רֵיחַ פֿערברייטעט זי נור פֿאַר דעם גליקליכען, וועלכער רייסט זי אַראָב פֿון איהר שטענגיל און פֿערצירט מיט איהר זיין בוזעם. אַזאַ ליעבליכע פּרעכטיגע ראָזע איז געוועזען דיינע מוטער שושַנָה חנה׳ס טאָכטער, שלומית׳ס פּלימיאַניצע; זי איז געוועזען אַזוי ווי איהר שענער נאָמען (שושנה אין העברעאישען הייסט „ראָזע‟). גלייך ביי אונזער ערשטער בעגעגנונג בין איך פֿון איהר ווי בעצויבערט געוועזען, איך האָב אָבער ניט געוואַגט צו ענטדעקען מיין געפֿיהל, דען עס זענען געוועזען פֿול יונגע לייט פֿון די איידעלסטע העכסטע פֿאַמיליען פֿון ירושלים, וואָס האָבען געזוכט איהרע ליעבע — ביז עס האָט זיך געמאַכט די געלעגענהייט, וועלכע האָט מיך איבערצייגט, דאָס זי האָט דאָסועלבע געפֿיהל צו מיר ווי איך צו איהר. דער אונטערשיד איז נור געוועזען, דאָס איך האָב מיין געפֿיהל צו איהר געהאַלטען ביי זיך, בסוד, זי אָבער, אין איהר עהרליכער אונשולד האָט איהר געפֿיהל צו מיר אָפֿען אַרויסגעגעבען פֿאַר דער גאַנצער וועלט.

נאָך אַנטיוכס דעם גרויסען האָט געירֶשֶ׳ט דעם טהראָן פֿון סיריען זיין עלטערער זוהן סעלייקוס דער פֿיערטער. אויך ער איז געוועזען וועהר גוט צו יודען, אזו אז ער האָט געהערט דאָס די איינוואָהנער פֿון ירושלים זענען געטהיילט אין צוויי פֿיינדליכע פּאַרטייען, האָט ער געשיקט איינינע ראָטעס פֿון זיין חַיִל, צו ערהאַלטען דעם פֿריעדען אין שטאָדט און לאַנד און צו שטיצען די הויפּטאַנפֿיהרער פֿון ירושלים נעגען די אינטריגאַנטען, וועלכע העצען די איינוואָהנער און שטערען דעם פֿריעדען. דער חיל האָט פֿאַר זיך געהאַט אַ בעזונדער קווארטאַל, אין דער פֿעסטונג „בִירָה‟, אין צפֿון־זייט פֿון בית המִקְדָש. באַלד אָבער האָבען אַנדערע העלעניסטען געמאַכט בעקאַנטשאַפֿט מיט די אָפֿפֿיציערען, זיך מיט זיי בעפֿריינדעט און זיי זיך אַלס מוסטער גענומען, נאָכצוטהון זייערע מנהגים. נון האָבען זיך אונזערע אַריסטאָקראַטען שוין געשעמט מיט די יודישע נעמען און זיי גאַנץ אומגעענדערט, זיי זאָלען זיין גלייך צו די גריכישע. ישוּע, דער ברודער פֿון חוניו דעם כהן גדול, האָט זיך אַ נאָמען געגעבען יאַזאָן; אֶלְיָקִים, אַ זוהן פֿון יוסי בן יועזר׳ס אַ שוועסטער האָט זיך אַ נאָמען געגעבען אַלקימאָס. אַנדערע האָבען גאַנץ איבערגעביטען זייערע נעמען: יוחנן, איין ברודער פֿון שמעון הכהן (דעם אינטענדאַנטען פֿון בית המקדש) האָט זיך אַ נאָמען געגעבען מענעלאוּס, איינינע יודישע פֿרויענצימער האָבען אויך אַזוי געטהון: מרים, איין לייכטזיניגעס מיידיל פֿון דער אַריסטאָקראַטישער כהנים־פֿאַמיליע בִלְגָה, האָט זיך געשעמט מיט דעם שענעם נאָמען פֿון דער שוועסטער פֿון משה רַבֵנוּ און אַהרון הכהן, וואָס האָט געהייסען מרים

שום געשעפטען, חאטש זי איז ערקענט אלס ארבייטספעהיג.

דאס פערמעגען פון דער באנק וועט דערום אויך ווייטער פערוואלטעט ווערען ווי ביז אהער, ד. ה. עס וועט געהאלטען ווערען אין זיכערע פאפירען אדער אין רעעלע באנקען. דורך דעם וועלען אפילו די אקציאנערען בעקומען זעהר א קליינעם דיווידענד, אבער דער אויפזיכטסראטה צוזאמען מיט די דירעקטארען זענען דער דעה, אז ביי דער יודישער באנק איז די וויכטיגסטע זאך, אז דאס געלד זאל ווערען געהאלטען אויף א זיכערע שטעלע און נישט אונטערפאלען קיין געפאהר פון א קריזיס אדער א געשעפטליכען שאדען.

ווייל די באנק וועט נישט מאכען קיין געשעפטען, איז דערום נייטהיג, אז די הוצאות פון דער פערוואלטונג אין לאנדאן זאלען זיין וואס וועניגער. די יודישע באנק וועט האפענטליך מיט דער צייט ווערען די באנק פון יודישען פאלק און דערום מוז זי האבען א פעסטען פונדאמענט.

מיר דערמאהנען דאביי די ציוניסטען אין דער גאנצער וועלט, אז זייער ארבייט איז נאך נישט געענדיגט. וועגען פערקויף פון אקציעס דארף מען זיך אויך ווייטער משתדל זיין מיט אלע כחות. די פינאנציעלע קראפט פון דער באנק וואקסט מיט יעדער אקציע, וועלכע ווערט פערקויפט, און די באנק מוז שטארק זיין, כדי זי זאל קענען עטוואס אויספיהרען.

---

## יודישע ארימע קראנכע אויפ'ן אדעסער לימאן.

(פארטזעטצונג).

אין די אדעסער צייטונגען פאריגעס און היינטיגעס יאהר האט מען פיעל געשריבען וועגען די שרעקליכע צרות וואס די אנגעפאהרענע ארימע קראנקע ליידען אויפ'ן לימאן. מיט מורא'דיג־פינסטערע פארבען האט מען געשילדערט דאס טרויעריג־יסורים'דיגעס לעבען פון די אלע אונגליקליכע ארימע אויפ'ן אדעסער קוראָרט. כדי צו בעקומען א ריכטיגען, פאלקאמען בעגריף וועגען דעם אימה־דיג שווערען און חושך־דיגען צושטאנד פון די אלע 1600—1500 ארימע יודישע קראנקע, געקומענע פון פערשידענע יודישע שטעדט און שטעדטליך, בין איך א פריה-מארגען אוועקגעפאהרען מיט דער באהן אויפ'ן לימאן (דאס איז א וויארסט 8 פון שטאדט), וואו איך האב פערבראכט א גאנצען טאג ביז שפעט אווענדס, ארומגעהענדיג פון איין ארימען הייזיל צו דעם אנדערען, פון איין הורבה צו דער צווייטער. מיך האט בעגלייטעט דער "ארצט פאר ארימע" דר. פרייפעלד, א זעלטענער אידעאליסט, א ברודער פון אלע אונגליקליכע און געפלאגטע, וועלכער טהוט זעהר פיעל פאר די ארימע אויפ'ן לימאן. ער האט מיר דערצעהלט פיעל אינטערעסאנטע פאקטען פון דעם שרעקליכען דלות אויפ'ן לימאן. "איך בין ניט א אורח א פנים־חדשות צווישען צרות, ארימקייט און קראנקהייטען — האט מיר דער דאקטער אומעדיג געזאגט — שוין איינינע יאהר ווי איך האב געארבעט ביין "הונגער" אין קאזאנער און חערסאנער גובערניע... אבער דאס וואס איך זעה דא ביי די יודישע קראנקע אביונים, אזעלכע אויסגעדארטע אויסגעקריינקטע אויסגעמאטערטע, האב איך נאך אין ערגיץ ניט געזעהען"...

די וואהנונגען אדער די "דאטשעס" אויפ'ן לימאן*) זענען צוטהיילט אין דריי קלאסען. 1. דאטשעס גרויסע, שענע, הויכע, מיט פיעל גרינס ארום, וואו עס וואהנען נור רייכע. 2. דאטשעס "געמישטע": צום גאס א גרוים הויז מיט באלקאנעס, מיט א קליינעם גערטענדיל, וואו עס וואהנען "מיטעלע" מענשען, און צום הויף עטליכע קליינע הייזליך

*) מיר רעדען אלץ וועגען דעם טהייל לימאן—"קויאלניק", וואו עס וואהנען די אלע ארימע.

---

הנביאה, און האט זיך א נאמען! נעגעבען פריגע, נאך דעם נאמען פון א גריכיש מיידיל, וואס איז געווען בעוואוסט מיט איהר אויסגעלאסענקייט. אזעלכע זענען געווען פיעל אין ירושלים. איך ברייננ נור די נעמען פון די איינינע, וואס האבען אונז נאכהער גרויסע צרות אנגעמאכט. זיי האבען אנגעהויבען, דאכט זיך, מיט א קליינינקייט, מיט פערענדערונג פון זייערע יודישע נעמען, און געענדיגט מיט שמד, מיט שרעקליכע אונגליקען, וועלכע זיי האבען געבראכט אויף אונזער גאנץ פאלק.

אז די פרומע פארטיי האט דערזעהען, דאס אונזערע העלעניסטען זענען צו שטארקע מחותנים געווארען מיט די גריכישע אפיצירען, האבען זיי מורא געהאט, טאמער וועלען זיי דורך דעם ווערען די תקיפים אין לאנד און שאדען דער הייליגער אמונה. די רייכערע פרומע האבען דערום בעשלאסען, דאס זיי זאלען אויך פון זייער צד זיך פריינדליך האלטען מיט די גריכען און זיי אפט צו זיך איינלאדען צו גאסט. אזוי איז געווען, דאס אין חדש תמוז, וועלכער איז געווען דער געבורטסטאג פון קעניג סעלייקוס, האט רציץ געמאכט א גרויסען מאהלצייט לכבוד דעם קעניג, צום מאהלצייט זענען געווען איינגעלאדען אלע זיינע פריינד און בעקאנטע און הויפטזעכליך — אלע גריכישע אפיצירען, וואס האבען זיך געפונען אין ירושלים. פון די גריכישע אפיצירען זענען געוועזען: אפאלאניוס דער קאמאנדיר, מיט איהם פיליפוס, סעראן, געארגיאש, קליסטענעס און אפעלעס (די אלע האבען נאכהער א גרויסע ראליע געשפילט אין אונזער היסטאריע פון יענער צייט). אלע האבען זיך פערזאמעלט אין דער אלטאנע פון איין שענעם פרעכטיגען גארטען. אלע האבען נאך דעם עסען פיעל מאל "לחיים" געטרונקען לכבוד דעם קעניג, און אז דער וויין האט זיי שטארק רערהיצט, האבען די גריכען אנגעהויבען אויסצורעדען דאס הארץ. בעזונדערס האט זיך אפאלאניוס פונאנדער נעדרשנ'ט וועגען דעם גרויסען אונטערשיד צווישען יודען און אלע אנדערע אומות. אלע געניסען דאס לעבען מיט א פולער מאס, פערגניגען זיך אלע ארט פערגניגען, נור יודען נעניסען גאר ניט פון זייער לעבען, זעהען גאר ניט די וועלט פאר זיך: דאס טאר מען ניט, דאס דארף מען ניט, דאס קען מען ניט, און דאס וויל מען ניט—צי הייסט דאס א לעבען?

די העלעניסטען האבען דאס הערענדיג גאר אנגעקוואלען; אונזערע לייט האבען די אויערען אנגעשטעלט צו הערען, אויף וואס דער גריכישע קאמאנדיר ציעלט דא.

„איהר זענט אבער אליין שולדיג — זאגט ער ווייטער—ווייל איהר האט אייך איינגעפיהרט אזא אמונה, וואס מאכט פון אייך גאנץ אנדערע מענשען, ניט ווי אלע אויף דער וועלט. איהר האט אייך אויסגעקליבען א גאט, איין איינציגען, א שטרענגען, וואס אויס מורא פאר איהם נעהט אייך אייער לעבען גאר ניט איין. איהר פערגעסט, דאס נור איין מאל לעבט דער מענש אויף דער וועלט און ווען ער געניסט ניט די וועלט כל־זמן ער לעבט, האט ער זיין לעבען אומזיסט פערשפיעלט. זעהט אייך אום, ווי ביי אונז קאכט און זידט דאס לעבען אין אלע ווינקעליך, און דא ביי אייך, איז אלעם שטיל, טרויעריג, טוידט. שוין ניט רעדענדיג פון אונזערע גרויסע שטעדט, ווי אנטיאכיא אין סיריען און אלעקסנדריא אין מצרים, אפילו די קלענסטע שטעדטליך ביי אונז! האבען שולען פאר גימנאסטיק פאר קליינע און גרויסע קינדער, טהעאטערס און צירקען פאר יונג און אלט. דארט איז שטענדיג לוסטיג, פרעהליך, דער וויין ערהיצט, די ליעבע פערגניגט און ענטציקט, יונגליך, מיידליך, בחורים און פרייליין'ס מענער און פרויען שפיעלען, טאנצען, שטיפען, בארען זיך, ראנגלען זיך, עס ווערט געקושט, געהאלזט אויף אלע גאסען, אין אלע ווינקעליך, אונטער יעדען בוים, אונטער יעדען צווייג. דאס הייסט געלעבט מיט דער נאטור, אין דער

הילצערנע, נידריגע, צובראכענע, וואו עס בעזעצען זיך געדיכט — זאלבע פירט, זאלבע פינפט צוזאמען — ארימע. 3. הייזליך — ספעציעל פאר ארימע, קליינע שטייגליך, פינסטערע חורבות, בלאטיגע, נאסע, ענגע, מיט הינקעדיגע טיש און בענק, מיט צובראכענע בעטען, מיט קליינע פענסטערליך. איינינע דירות האבען גאר קיין פענסטער ניט און ליכט און לופט קומען אריין דורך די טהיר, ווען מען האלט זיי אפען. אין אזעלכע וואהנונגען דינגט זיך א ארימאן א "ווינקעל", ביי נאכט דעם קאפ אבצושפארען. אין איין צימעריל וואהנען אפט 6—8 קראנקע, איינינע שלאפען אויף דער ערד, אויף דער בלאטיגער פאדלאגע, וועלכע איז אין אנדערע הייזליך גאר ניט בעדעקט מיט ברעטער. פאר א בעטיל צאהלט מען א סעזאן (6 וואכען) 7—8 רובל, פאר א "וואהנונג" אויף דער פאדלאגע 4—5 רובל.

אזעלכע "דאטשעס" מיט וואהנונגען פאר ארימע קראנקע זענען געוועען אין 1900 יאהר 21. אין זיי האבען געוואהנט מעהר ווי 1700 ארימע (יודען 93%). עס איז זיך לייכט פארצושטעלען, מיט וואס פאר א לופט האבען געאטהעמט די אלע איינוואהנער פון די חושך'דיגע גריבער". ד"ר מארטעמיאנאוו האט אויסגערעכענט, אז אויף יעדען קראנקען אין די "וואהנונגען" קומט אויס לופט פון 2 צעהנטיל ביז א גאנצען קוביק-קלאפטער, ניט מעהר.

די אלע דאטשעס בריינגען זייערע בעלי־בתים א גוטען רוח. יעדעס ווינקעלע, יעדערע ד' אמות, דער קלענסטער פלאץ אויפ'ן אויוען, אויף דער פאדלאגע, אין קארידאר — דאס אלץ ווערט צו געלד און בריינגט פרנסה.

פיעל ארימע וואהנען אין שטאלען, וואו ווינטער זענען געשטאנען פערד. צו זומער רייניגט מען אזעלכע פלעצער אויס און מען מאכט זיי פאר אכסניות, פאר "היילאנשטאלטען" פאר די ארימע קראנקע. דארט א "נומער" קאסט שוין ביליגער, 2—3 רובל א סעזאן. ארימקייט קלייבט נישט איבער, און בעלנים אויף אזעלכע "פערד־וואהנונגען" זענען דא א סך. דאך א נ'ארט, וואו אויסצורוהען ביי נאכט די קראנקע צובראכענע גלידער...

אין איין שטאל האבען מיר געפונען 17 קראנקע. דאס געביידע איז נידעריג, שמאל און קליין. דאס דאך איז הארט איבער'ן קאפ, די פאדלאגע איז א ליימענע, א גריבערדיגע און זעהר א שמוטציגע. ליכט קומט אריין דורך 2 קליינע פענסטערליך, און עס איז אין שטאל שטענדיג פינסטער. עס מאכט א איינדרוק פון א קליינשטעטילדיגען "הקדש" פון אמאליגע צייטען.

אין א צווייטען שטאל האבען מיר געפונען 13 קראנקע. אויך נידעריג, ענג, ליימיג און שמוטציג. קיין פענסטער איז נאר ניטא און לופט און ליכט געהען אריין דורך די טהירען־טויערען פון שטאל. די בגדים, בעט־גיוואנט — אלטע, צעריסענע, פערפלעקטע, איינגעריכטע. צווישען די איינוואהנער זענען דא עטליכע ליידענדע מיט אנשטעקענדע קראנקהייטען. און דאך איז מען צוזאמען, אין אזא נאהענטער שכנות, און מען עסט און טרינקט פון דיזעלביגע כלים...

ווי גרוים איז ביי אזעלכע אונגליקליכע די לוסט געזונד צו זיין, אז מען איז מקבל באהבה די אלע צרות און ענוים, נור אויסגעהיילט צו ווערען פון דער שווערער, אנגעביטערטער און אנגעוועהטיגטער קראנקהייט !...

פיעל קראנקע קענען זיך נאך אזא "לוקסוס", ווי א ווינקעל אין א פינסטערען שטאל, אויך ניט ערלויבען, און נעכטיגען אויפ'ן גאס, נעבען א קרעמיל, א ביידיל, אונטער'ן שטערענדיגען הימעל, אויף דער קאלטער ערד, מיט א שטיין צוקאפענס.

עס איז שוין געוועזען פינסטערליך, ווען מיר זענען צוגעגאנגען צו א נ'אלטען קרעמיל אויפ'ן מארק, א הילצערנע חורבה, ארום וועלכער עס האבען שוין געמאכט זייער נאכט־געלעגער 25 קראנקע. צווישען זיי

---

אייבינער לעבענספאבריק, נאך דעם ווילען פון אונזערע געטער און געטינען, וועלכע לעבען אזוי פרעהליך און פערגניגט דארט אויבען, ווי מיר דא אונטען. ווער אבער עס האלט זיך צוריק פון די פערגניגען אין לעבען דער בערויבט זיך זעלבסט און בעליידיגט אונזערע געטער, וואס האבען אלעם אנגעגרייט צום מענשענס גליק, גלייך ווי עס בעליידיגט דעם ווירטה, ווען דער איינגעלאדענער גאסט וויל ניט געניסען פון די געריכט, וועלכע ער האט פאר איהם אויף דעם טיש געשטעלט".

ביי די דאזיגע ווערטער האבען אלע העלעניסטען געשריען „בראוואָ" און אויסגעדריקט דעם גריכישען רעדנער זייער דאנק. פרינע, די געוועזענע מרים בת בלגה, זיצענדיג מיר אנטקעגען, האט צו מיר געווינקט מיט איהרע פייערדיג ברענענדיגע אויגען. מיינע אויגען אבער האבען זיך נאכגעצויגען נאך דער ליעבער פרומער שושנה, וועלכע איז צוגעגאנגען צו איהר מוטער און מיט איהר ארוים אין גארטען. אונזערע פרומע יודען זענען געוועזען זעהר אויפגערעגט פון דער שענדליכער רעדע. איך האב געוואלט ענטפערען דעם אויסגעלאסענעם גריכען, איהם זיין טרפה'נעם מויל פערשטאפען; אבער מיין חבר יהודה האט מיר געוואונקען צו שווייגען, דען דער קאמאנדיר איז נאך געשטאנען אנגעגרייט ווייטער צו רעדען. ביי זיינע לעצטע ווערטער האט זיך פשוט פייער פון זיין מויל געשאטען. ער זאגט ווייטער:

„שטענדיג וואונדער איך זיך, ווען איך בעטראכט די יונגע לייט פון ירושלים און יהודה. פון אלע סעמיטישע פעלקער זענט איהר די שענסטע. אייערע יונגע לייט זענען געזונד און שטארק, דאס עס איז א פערגניגען אויף זיי צו קוקען. אייערע בחורים זענען ווי סאסנעס, אייערע יונגפרויען ווי פאלמען, דאס רוב פון זיי קענען זיין אלס מאדעלען פאר די בילדער פון אונזערע געטער און געטינען. אבער אנשטאט זיך צו ווייזען מיט זייער שענעם קערפערבוי, מיט זייערע עלאסטישע פלינקע גלידער, פערשטעלען זיי זייער שענעם לייב, וויקעלן זיך אין שמאטעס ווי די טוידטע אין תכריכים. ביי אונז איז עס גאנץ אנדערש, דען איהר האט קיין זין, קיין געפיהל פאר קערפערליכע שענקייט. ביי אייך איז גאר אסור צו האבען בילדער, און ביי אונז איז דאס די גרעסטע ציהרונג. אין אונזערע טעמפלען, אונזערע פאלאצען, אונזערע גאסען, אין אונזערע הויפען, שטעהען אומעטום אונזערע מארמארנע שטאטועטען, די בילדער פון יעדעם גאט, פון יעדער געטין. אלע בלויז און נאקעט. אונזערע מענשען סטארען זיך זיי נאכצובילדען; ביי אונזערע היילינע שפיעלען, טרעטען אונזערע יונגע לייט ארוים נאקעט ווי די געטער, ביי זייער ראנגלען ווייזט זיך ארוים זייערע גאנצע שענקייט, יעדעס גליעד ווי פון דער נאטור, יעדע מוסקעל ווי זי איז פעסט געשפאנט. דערמיט ענטוויקעלט זיך זייער קערפערקראפט. דערביי ציינט זיך ארוים זייער שענע נאטור אין דער גאנצער קראפט. דאס בלוט זידט, די אויגען בליצען, דאס הארץ קלאפט. דאס צוזעהענדיג ווערט יעדער געהייצט צום פרעהליכען לעבען, דאס בעטראכטענדיג, ווערען אלטע אויפגעלעבט און פיהלען זיך ווידער יונג. אט דאס הייסט געלעבט, דאס הייסט הנאה געהאט פון דער וועלט!

ווי א העליש פייער האט זיך די ברענענדיגע רעדע צוגאסען איבער די געזיכטער פון די העלעניסטען, אלע האבען דעם רעדנער מיט בעגייסטערונג געדאנקט. פרויען זענען די הענד געשוואלען געווארען פון פיעל בראוואפאטשען. זעהענדיג, דאס איך אכט אויף איהר גאר ניט, איז זי צוגעגאנגען צו מענעלעאוס און איהם גענומען פאר די האנד. ער אבער האט זיך פון איהר אראבגעווענדעט, דען זיינע אויגען זענען געווען אויף ערגיץ אנדערש געריכטעט, אויף דער אלעע וואו שושנה האט שפאצירט מיט דער

זענען געווען אויך עטליכע ווייבליך מיט קליינע שוואַכע און קראַנקע קינדער. איין ווייביל איז געקומען פון ברעסט-ליטאָווסק אָקערסט נאָך דער שׂרֵיפָה מיט אַ צוויי־יאָהריגען יונגיל, אַ סקראָפעל-קראַנקען. אלע הויז־חֲפָצִים, דאָס גאַנצע „גוטס און האָב" איז אַוועק מיט'ן פייער. דער מאַן איז אַוועק אין דער פרעמד זוכען ברויט, און זי איז געקומען אויפ'ן לימאַן אָהן אַ קאָפּיקע געלד, אָהן שום בעקאַנטע אין אָדעס, היילען דעם טייערען בן־יחיד איהרען, וועלכער איז סַכָּנָה'דיג קראַנק. ווי דאָס ברעסטער ווייביל אַזוי די איבריגע „שכֵנים" ליידען פשוט הונגער. קיין פלייש, קיין נעקעכץ קומט אין זייער מויל ניט אריין, ברויט האָבען זיי אויך ניט יעדען טאָג...*) „אָבער דאָס אַלץ, זאָגען זיי, מאַכט ניט אַזוי אויס, אַבי דער לימאַן זאָל צו רפואה זיין"...

עס האָבען זיך געטראָגען איבער'ן דונקעלען הימעל געדיכטע וואלקענס. עס האָט אָנגעהויבען צו בלאָזען אַ קיהלער ווינטיל. די קליינע קינדער האָבען זיך צוגעטולעט צו זייערע מוטערס... — און אַז ס'וועט זיין היינטיגע נאַכט אַ גוס־רעגען, וואָס וועט זיין מיט די אַלע עלענדע און אונגליקליכע קראַנקע? — האָב איך מיט פַּחַד אַ קלעהר געטהון — און אַ שווערעס בליי־שווערעס געפיהל האָט געדריקט דאָס האַרץ — וואו זעהט מען אַ סוף פון יודישער אָרימקייט און געפאַלענ־קייט? וואָס מען זוכט ווייטער, געפינט מען אַלץ מעהר און מעהר יודישע צרות, ליידען און פיין...

אין זעהר אַ שלעכטען צושטאַנד זענען אויך די „דירות-ווינקלען" אין די קליינע הייזליך. כמעט אַלע זענען נידעריגע, קליינע, האַלב פינסטערע און גאַנץ שמוציגע. איינינע זענען אמת'ע חורבות, צופוילט, צובראָכען, קרוב איינצופאַלען. אין יעדעס קליין צימעריל וואָהנט מען זאַלבע פינפט, זאַלבע זעקסט און מעהר. אין איין נידעריגען צימעריל, $1\frac{1}{2}$ קלאַפטער אין דער לייגג און 2 קלאַפטער אין דער ברייט, האָבען מיר געפונען 7 קראַנקע. 2 שלאָפען אויף דער ערד און איינער אויפ'ן אייווען. די פּאָדלאָגע איז אַ ליימענע און ניט קיין אויסגעקעהרטע. אין נאָך אַזאַ צימעריל (אויך 2 קלאַפטער אויף $1\frac{1}{2}$) האָבען מיר געפונען 9 קראַנקע — פינף ווייבער מיט 4 קינדער. אין אַ דריטען צימער, אויך אַזאַ גרויס, האָבען מיר געפונען 6 קראַנקע. דאָס צימער איז כִּמְעַט אַ פינסטערעס (דאָס קליינע פענסטעריל געהט אַרויס אין אַ הויכען באַרג) און אַפילו ביי טאָג ברענט אַ לעמפיל. פאַר אַזאַ ווינקעל צאָהלט מען פון 4 ביז 7 רובל אַ סעזאָן.

אויף אַ נ'אַנדער דאַטשע, וועלכע געהערט אַ יודישען באַנקיר אין אָדעס, וואָהנען פיעל קראַנקע אין אַ קאָרידאָר פון אַ גיעדרינ-הילצערנעם הויז. דער קאָרידאָר האָט נור אַ דאַך, קיין ווענט האָט ער ניט. די אָרימע קראַנקע שלאָפען אויף ד'ר'ערד, ניט בעשיצטע פון ווינד און פון אַ גרויסען רעגען. אין דעם „רייכען" קאָרידאָר פון באַנקיר'ס הויז האָבען מיר געפונען 20—25 אָרימע קראַנקע. יעדער צאָהלט אין גביר'ס קאַסע פאַר זיין קאַלטען, ליידיג-הוילען ווינקעל פון 2 ביז 4 רובל אַ סעזאָן.

גאָך די פרייזען, וואָס די קראַנקע אביונים צאָהלען פאַר זייערע דירות, קענען מיר זיך לייכט פאָרשטעלען, וואָס פאַר בעקוועמע גוטע „צימערען" זיי האָבען אויפ'ן קוואַרט.

אין 1900 יאָהר, לויט די ידיעות, וואָס זענען געזאַמעלט דורך דעם דאָקטורים־פעריין, האָבען

| | | | |
|---|---|---|---|
| 25 | מענשען געצאָהלט פאַר אַ ווינקעל | 1 | רובל אַ חודש |
| 200 | " " " " | 2 | " " |
| 190 | " " " " | 3 | " " |
| 248 | " " " " | 4 | " " |

**) אויפ'ן לימאַן איז אפילו דאַ אַ אבטהיילונג פון דער שטאַדטיגער „יודישער וואָלוועלער קיך", אבער פאַר אַ מיטאָג מוז מען צאָהלען 7 קאָפּ. און פיעלע האָבען ניט אַזאַ „גרויסע" סומע געלד...

מוטער. דערווייל האָט זיך רציץ אויפגעשטעלט אום דעם גריכישען העררן צו ענטפערן.

„מיר ערקענען דאַנקבאַר דיין גוטען ווילען, גנעדיגער העהר—זאָגט רציץ — אונז בעקאַנט צו מאַכען מיט די זיטען פון דיין פאָלק, אָבער אָנ־נעהמען דיין עצה קענען מיר נישט. דען גלייך ווי ד י י ן פאָלק וועט ניט וועלען אונז נאָכגעבען און זיך אָבזאָגען פון זיינע געטער, וועלכע ער האָט פאַר זיך געשאַפען... אַזוי ויעלען מיר אייך אויף קיין פאַל ניט נאָכגעבען און זיך אָבזאָגען פון דעם גאָט, וועלכער האָט אַלע מענשען בעשאַפען און אונז אויסגעקליבען צו זיין פאָלק. איהר האָט אַ מַעֲלָה, איהר בעזיצט די חכמות און קונסט, מיט וועלכע איהר זענט אין דער וועלט בעריהמט; מיר אָבער האָבען נאָך אַ גרעסערע מעלה, מיר בעזיצען דעם היילינגען גייסט פון גאָט זעלבסט, און דער דאָזיגער גייסט פיהרט אונז אין געהעריגען וועג, און וועט אונז אַזוי לאַנג פיהרען, ביז אַלע פעלקער וועלען גלייך מיט אונז גלויבען אין דעם איי און איינציגען גאָט. איך מוז דיר אויך ד א ס זאָגען, דאָס ניט שטענדיג זענען מיר אַזוי ווי איצט. אונזערע עלטערן האָבען פיעל מאָל מוֹרֵד געוועזען אין דעם וואַהרען גאָט, און געדינט פרעמדע געטער, עס איז זיי אָבער יעדעס מאָל אַ פינסטערער סוף אויסגעגאַנגען, איצט קומסט דו אונז צו זאָגען, מיר זאָלען ווידער מורד זיין אין אונזער גאָט און דיענען אַנדערע געטער—ניין, אַזאַ נאַרישקייט וועלען מיר שוין מעהר נישט טהון. פרעהט אייך איהר מיט אייערע געטער, וועלכע איהר האָט אייך אַליין געשאַפען, און וועלכע פאַסען צו אייער נאַטור און כאַראַקטער— אונז אָבער לאָזט צו רוה, מיר ווילען בלייבען ביי אונזער אונבעקאַנטען גאָט, וועלכער שטעהט העכער איבער יעדען מענשליכען געדאַנקען און בעגריף.

די העלעניסטען האָבען זיך פון רציץ'ס רייד אויסגעלאַכט, די גריי־כישע אָפיצירען האָבען אויך איינע צו די אַנדערע געווינקט און געלאַכט. אַפּאָלאָניוס אָבער ענטפערט מיט אַ שמייכעל:

„ווען אייער גאָט איז אונבעקאַנט און פערבאָרגען פון מענשען, ווי אַזוי ווייסט איהר זיין ווילען, און וואָס ער פאָדערט פון אייך?"

„פריהער האָבען אונזערע עלטערן געוואוסט דורך מַלְאָכִים, וואָס פלעגען זיך צו זיי בעווייזען פון הימעל, און נאָכדעם דורך נְבִיאִים, וואָס האָבען גערעדט צו אונז אין נאָמען פון גאָט, ווי עס שטעהט געשריבען ביי אונז אין די היילינע ספרים".

— „אַזעלכע לעגענדען און מעשׂות האָט יעדעס פאָלק אויף דער וועלט. מיר גריכען האָבען פון זיי אויך גענוג אין אונזערע אַלטע ביכער, און וואָס אין אונזערע ביכער שטעהט געשריבען איז דוקא דאָס גענענטהייל פון דעם, וואָס ביי אייך געפינט זיך אין אייערע ביכער, וואָס איהר האַלט זיי פאַר הייליג".

— „גאַנץ רעכט — ענטפערט רציץ — דערום האַלט איהר אייך ביי דאָס אייערע, און אונז ערלויבט זיך צו האַלטען ביי דאָס אונזרינע, אַזוי וועט יעדער האָבען און דינען זיין גאָט נאָך זיין אייגענעם ווילען און פער־שטאַנד און קיינער פון אונז וועט דעם אַנדערן ניט שטעהן אין וועג".

(פאָרטזעצונג קומט).

א. ש. פ ר י ע ד ב ע ר ג.



87 מענשען געצאהלט פאר א ווינקעל 5 רובל א חודש

52 " " " 6 "

107 " האבען זיך געוואלגערט אויפ'ן גאס.

19 " האבען געצאהלט 5 קאפ א נאכט פאר'ן איבערשלאפען.

פיעל נעכט האבען זיי געשלאפען אויף דרויסען.

ווי מיר זעהען, האבען נור 139 ארימע (15%) געצאהלט 5 6 רובל א חודש פאר א ווינקעל און האבען געהאט א דערטרעגליכען פלאץ, חאטש עפעס א "מקום מנוחה". די איבעריגע 789 (85%) האבען געמוזט וואהנען אדער אין שטאלען, חרבות, ווי מיר האבען פריהער געשריבען, אדער גאר אויף דער גאס... און ווי פיעל ארימע קראנקע זענען נאך ניט אריין אין די סטאטיסטיק פון דעם דאקטורים-פעריין, און מען האט וועגען זייער שווערעס לעבען גאר קיין ידיעות און ציפער?...

(ענדע קומט)

מענדל לעווין.

---

## פאליטישע איבערזיכט.

דער עסטרייכישער פארלאמענט. — דער פראנצויזישער פארלאמענט. — דער סכסוך מיט טערקיי. — די באגדאדער אייזנבאהן. — אפגאניסטאן.

דער עסטרייכישער פארלאמענט האט זיך געעפענט מיט א רעדע פון דעם ערשטען מיניסטער קערבער. אין דער רעדע האט ער אויפגעוויזען אויף די נייטהיגקייט פון דעם שלום צווישען די עסטרייכישע נאציאנען, ווייל איצט איז די צייט, ווען עס געהט אום די פראגע ווי בעסער צו פעראייניגען די פאליטיק און דעם האנדעל פון ביידע טהיילען פון דער עסטרייכיש-אונגארישער מלוכה און ווי צו ארדנען די פאליטיק אין דעם האנדעל צווישען עסטרייך און אנדערע מלוכות. די עסטרייכישע רעגירונג, ערקלערט דער מיניסטער, איז פאר די אבשליסונג פון האנדעלסקאנטראקטען מיט אנדערע מלוכות, אבער דורך די קאנטראקטען וויל זי זיכערן פריהער פאר אלץ דעם עסטרייכישען האנדעל און די עסטרייכישע פאבריקאציאן. די רעגירונג וועט אבשטויסען פון זיך יעדען קאנטראקט, וועלכער וועט פערלאנגען פון איהר בלויז קרבנות. דער ערשטער חוב פון דער רעגירונג וועט זיין צו שטיצען אומעטום די עסטרייכישע ארבייט.

די רעדע פון דעם מיניסטער-פרעזידענט האט געמאכט אומעטום א גוטען רושם, זי האט געפונען א גוטע אויפנאהמע אי אין פארלאמענט אי אין די צייטונגען. מען לויבט אומעטום די ענערגיע פון דעם מיניסטער און די טרייקייט, מיט וועלכער ער איז איבערגעגעבען די אלטע גוטע מסורות פון דער פארלאמענטסארדנונג. אויך אין זיין איצטיגער רעדע האט העררר דר. קערבער געפונען פאר נייטהיג נאך אמאל ארויסצוזאגען פאר דעם פארלאמענט זיין פעסטען בעשלוס ניט צו בענוצען דעם בעוואוסטען 14-טען פונקט פון די עסטרייכישע גרונדגעזעצען, נאך וועלכען די רעגירונג האט דאס רעכט אין בעשטימטע פעלען צו פיהרען די מלוכה אהן דעם פארלאמענט.

דער פראנצויזישער פארלאמענט ווערט געעפענט דעם 22-סטען אקטאבער. די וויכטיגסטע ארבייט פון דעם איצטיגען סעזאן וועט זיין די אויסארבייטונג פון דעם בודזשעט (דער חשבון פון די הוצאות און הכנסות) פאר דאס יאהר 1902. אין פראנקרייך איז מען זעהר בעזארגט, דאס די הכנסות וועלען זיין היינטיגעס יאהר אויף א'נ'ערך 90 מיליאן פראנק וועניגער, ווי זיי זענען געוועזן אויסגערעכענט. מען האט מורא דאס די שלעכטע לאגע פון די פינאנסען וועט א-ויסרופען א שארפע קריטיק פון וואלדעק-רוסא'ס הנהגה. איבערהויפט, קלויבט מען זיך שוין אין פראנקרייך ווידער צו בעניי־ען די מלחמה נעגען דאס מיניסטעריום פון וואלדעק-רוסא. צו דעם איצטיגען סעזאן זענען שוין געשטעלט 64 נייע און 19 אלטע אנפראגען איבער פערשידענע פונקטען פון דער אינערער און אויסערער פאליטיק. פיעל פון די אנפראגען וועלען געוויס אויך ארויסרופען לענגערע ויכוחים, ווי צום ביישפיעל די פראגע איבער די אונרוהען אין ארמעניען, איבער דעם סכסוך מיט טערקיי, איבער די לאגע פון דעם חיל א. ז. וו. די תשובות פון דעם מיניסטער איבער פאליטישע פראגען וועלען אויך ארויסרופען א גרעסערעס אינטערעס אין דער גאנצער וועלט, ווייל זיי וועלען מסתמא אראבנעהמען דעם שלייער, מיט וועלכען עס זענען פערהאנגען פיעל וויכטיגע פאליטישע פראגען.

די איצטיגע לאגע אין ארמעניען איז אין אייראפא גאנץ וועניג בעקאנט. די צייטונגען האבען נור געבראכט א קורצע ידיעה, דאס די טערקישע רעגירונג האט בעשטימט א קאמיסאן אויסצופארשען די לאגע אויפ'ן ארט.

דער סכסוך מיט טערקיי איז נאך אויך ניט ענטשידען. עס ווערט בעשטעטיגט די ידיעה, דאס די רוסישע רעגירונג האט געקראגען די ביטע פון טערקיי צו מאכען א פשרה צווישען איהר און פראנקרייך. נאך פראנקרייכס פאדערונג דארף טערקיי שוין איצט איינצאהלען די האי-יאהריגע ראטע פון 25 מיליאן פראנק, טערקיי האט אבער ניט פון וואנען צו נעהמען געלד. עס ווערט איהר אפילו אנגעבאטען געלד פון דער דייטשער געזעלשאפט, וואס וועט בויען די באגדאדער אייזענבאהן, אבער אויף אזעלכע תנאים, וועלכע זי קען בשום אופן ניט אננעהמען. טערקיי, ווי עס ווייזט אויס, האט אין גאנצען חרטה אויף די ערלויבניש, וואס זי האט געגעבען דער דייטשער געזעלשאפט צו בויען די באגדאדער באהן. אלענפאלס, איז זי נאך אלץ ניט דורכגעקומען מיט איהר, ווען די געזעלשאפט פערלאנגט, אז די רעגירונג זאל איהר גאראנטירען יעהרליך 13,000 פראנק פון יעדען קילאמעטער (עטוואס וועניגער ווי א ווערסט) און זאל איבערגעבען אין איהר רשות אויף 20 קילאמעטער פון יעדער זייט באהן, וואס וועט זיך ציהען אויף 2,000 קילאמעטער. טערקיי פערשטעהט גאנץ גוט, וואס פאר א געפאהר עס קען ארויסקומען פאר איהר, ווען זי וועט אבגעבען א פרעמדער רעגירונג אזא גרויס שטיק לאנד און זי זעהט דערום וואס ווייטער אבצוציהען איהר קאנטראקט מיט דער דייטשער אייזענבאהן-געזעלשאפט.

די ענדערונג אין דער הערשאפט אין אפגאניסטאן, וואס האט פריהער געהאט ארויסגערופען א גרויסע אונרוהע אין ענגלאנד, האט צו קיין נייע סכסוכים ניט געבראכט. דער נייער הערשער חביב-אוהלא איז אנערקענט געווארען פון זיין פאלק. רוסלאנד האט אויך ניט ארויסגעוויזען דעם קלענסטען חשק ארויסצושטעלען איין אנדער קאנדידאט אויף דעם אפגאניסטאנער טהראן. חביב-אוהלא וועט בלייבען דערזעלבער טרייער אנהענגער פון דער ענגלישער פאליטיק, ווי עס איז געוועזן זיין פערשטארבענער פאטער עבדו-רחמן.

י. ל.

---

## בריעף פון ארץ ישראל.

ענדליך האט מען די וואך בעקומען איין ענטפער פון פאריז וועגען די פ-ייזען אויף די טרויבען. עס לאזט נאך דאס הארץ ניט דארט צו

בעשטימען 20 פראַנק דעם קאָנטאָר פאַר פריינצויזישע טרויבען (האָטש די דייטשען האָבען געצאָהלט אין רחבות 21 און זייערע אייגענע קאָלאָניסטען צו 28 פר. !). דער קאָמיטעט אין פאַריז איז ניט זיכער אין דער ריכטיגקייט פון דעם ראַפּאָרט פון זיין אייגענעם פאָרשטעהער אין יפו, וועלכער האָט פאָרגעשטעלט איין ריכטיגעס בילד, ווי עס איז צוגעגאַנגען דאָס צונעמען די טרויבען אין קעלער און ווי שוואַך עס איז געווען האַי יאהר דאָס גערעטעניש בכלל.

די פראַגע איז אזוי וויכטיג, דאָס מען האָט בעשטימט צו וואַרטען אין פאַריז אויף די גרויסע פערזאַמלונג. דערווייל אָבער האָפּט מען שוין די רעכנונג אויף 15 פראַנק פאַר אלע פראַנצויזישע סאָרטען און 30 פר. פאַר די פיינסטע ווי באָרדאָ, סאָטערן ! מעהר ווי העלפט קאָלאָניסטען, נאָכדעם ווי מען וועט זיי אָבציהען די אָבצאָהלונגען — פאַר די רעגירונג, די הוצאות פאַר די געמיינדע, און די אוואנסען (הלוואות), וועלכע זיי האָבען בעקומען אין פערלויף פון דעם יאהר, וועלען ניט האָבען וואו אַ גראָשען צו בעקומען. און דאָ גערט אַ גאַנץ יאָהר לעבען און אַרבייט...

אָבער אין פאַריז וויל מען דאָך פון דעם ניט וויסען.

ווי ווייט דאָס ניט וועלען וויסען איז ביי אונזערע פאַריזער פאָרשטעהער קענען דיענען פאָלגענדע צוויי לעצטע פאַקטען : איין קאָלאָניסט, וועלכער געפינט זיך אין איין זעהר אַ קריטישער לאַגע, האָט זיך געווענדט צום ערטליכען דירעקטאָר, ער זאָל פאָרשטעלען זיין לאַגע און בעטען, ווען יק"א וויל איהם ניט העלפען, זאָל זי ביי איהם אָבקויפען זיין הויז מיט דעם גאָרטען, אויף וועלכע ער איז זיי גאָר ניט שולדיג (דער קאָלאָניסט איז איין זעלבסטשטענדיגער).

דער אַדמיניסטראַטאָר האָט פאָרגעשטעלט אין וואַרמע ווערטער די טרויריגע לאַגע פון דעם קאָלאָניסטען. עס זענען אַוועק גאַנצע דריי חדשים פון אונגעדולדיגען וואַרטען, ענדליך האָט דער אומגליקליכער בעקומען די וואָך איין ענטפער : אין פאַריז האָט מען נאָך צייט ! יעצט קאָן מען ניט קויפען, דען מען האָפט (גוטע האָפנונגען !!), דאָס עס וועלען נאָך זיין אַזעלכע פעלע ניט איינער ; וועט מען דאַן פרינציפיעל בעאַנטוואָרטען אַזעלכע פאָרשלעגע !... מען זאָגט, ווען דער קאָלאָניסט האָט דערהערט דעם ענטפער איז ער געפאַלען אין חלשות : ! צו האָבען איין פערמעגען, איין הויז, לאַנד און שטאַרבען פאַר הונגער, ביז אין פאַריז וועט מען זיך דערמאָנען צו ענטפערן אויף די פראַגע אין פרינציפּ ! און פון קיינעם קיין ראַטה, קיין הילף !...

דער צווייטער פאַל איז געווען אויך וואָס איין פאָרשטעהער האָט פאָרגעשטעלט, דאָס די קאָלאָניסטען ביי דער יעצטיגער לאַגע זענען נאָך ניט אימשטאַנד צו טראָגען אויף זיך די אָבצאָהלונגען פון דער רעגירונג (אויסער די פעסטגעשטעלטע), האָט מען אויף דעם בעקומען איין גאַנץ קלאָרע תשובה, דאָס די אַדמיניסטראַציאָן וועט זיך באַין אופן ניט אַריינלאָזען אין אַזאַ אָרט שטיצע, און די קאָלאָניסטען האָבען געזאָלט פריהער וויסען איידער זיי זענען געקומען אין ארץ ישראל אלע פערהעלטניסע פון דעם לאַנד !...

ווי געפעלען אייך בריעדער, אַזעלכע בעשליסע און אַזעלכע טעמים ?— עס וואָלט אינטערעסאַנט געווען, ווי איין קאָלאָניסט האָט בעמערקט, צו פרעגען, אויב פון דעם לעצטען ענטפער ווייסט אויך דער באַראָן און אויב ער געדענקט זיין צוזאָגע וואָס ער האָט געגעבען פאַר הונדערטער קאָלאָניסטען, ווען ער איז דאָס לעצטע מאָל געווען אין ארץ ישראל. דאָס די אַדמיניסטראַציאָן וועט שטענדיג זעהן אָבצוהיטען די אינטערעסען פון די קאָלאָניסטען פאַר דער רעגירונג. דען ער האָט נוט פערשטאַנען, דאָס אָהן דעם איז דער ישוב אונמעגליך און די קאָלאָניען וועלען מוזען אונטערגעהען.— און צי דען פערשטעהען דאָס ניט אויך די יעצטיגע פיהרער ? אָבער זיי טהוען דאָך זייערס און זיי קענען דרייסט ווייטער טהון, דען זיי זעהען ווי שוואַך, ווי אונפעהיג דאָס גאַנצע פאָלק איז געגען זיי אַליין !...

יפו, דער אַלטער ציוניסט.

# יודישע שטעדט און שטעדטליך.

מענשעליך. אַ רייכער יורש. דער סוף פון דער ירושה. ווער האָט גובר געוועזען ?

אין מיין פאָרינען אַרטיקעל האָבען די לעזער געזעהען ווי עס איז ניט גוט זיך צו געפינען אין אַ יודישער הויט אפילו איין מינוט. !

עס זענען אָבער דאָ אַזוינע מענשעליך, וועלכע פיהלען זיך אין זייער גאַנץ לעבען אויסגעצייכענט אפילו אין דער יודישער הויט.

איך מיין די פראַצענטניקעס און וואָכערניקעס. אין זייער אַרבייט פיהלען זיי זיך פריי און גליקליך, קיין זאַך שטעלט זיי ניט אָב ארומצולויפען מיט די סודעב נע פריסטעוועס (קאמארניקעס), אָבצושרייבען פרעמדע בעבעכעס מיט דעם לעצטען מלבוש פון די, וואָס האָבען געהאַט דאָס אומגליק איין מאָל אַריינצופאַלען אין זייערע הענד. קיינע טרעהרען, קיינע פרעמדע אומגליקען שטעלען זיי ניט אָב אין זייערע אַרבייט. איינער אין אַ בריעף צו מיר רופט מיר אָן אַ וואַרשעווער חסידישען יונגען מאַן מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט אַ נעווענטענעם היטעלע, וואָס קען זיך אַליין ניט צורייסען אין זיין אַרבייט. כמעט יעדען טאָג האָט ער ארומצוגעהן מיט די „קאַמאַרניקעס" פון פערשידענע „אוטשאַסטקעס" איבערשרייבען פרעמדע בעבעכעס און אזוי ווי ער קען זיך אַליין ניט אומעטום צורייסען, העלפט איהם מיט זיין ווייב, זיין שוואַגער מיט דער גאַנצער משפחה. אפילו ערב יום כפור, ווען יעדער חסיד לאָזט זיך שלאָגען מלקות פאר די חטאים, לויפט ער ארום „איבערשרייבען" אָדער פערקויפען אַ לעצט מלבוש.

צום בעדויערען איז דער חסידישער יונגער מאַן אין וואַרשא ניט קיין איינציגער. „בעמיהט זיך, שרייבט מיר מיין קאָרעספאָנדענט, און טהוט אַ קוק אין די קאַנצעליאַריעס פון די היגע קאַמאַרניקעס וועט איהר טאג טעגליך געפינען געפאַקט פול מיט חסידים, זעלטען זעלטען וועט איהר דאָרטען געפינען אַ קריסט. מיט „איבערשרייבען" און פערקויפען פרעמדע בעבעכעס פערנעהמען זיך אין וואַרשא דאָס רוב חסידים— פראַצענטניקעס".

ווערמען, וועמען האָבען שוין די פראַצענטניקעס ניט איבערגעשריעבען און פערקויפט ? עס איז שוין אויך פאָרגעקומען, דאָס זיי האָבען איבערגעשריעבען און פערקויפט בתי־מדרשים מיט ספר־תורות פאַר חובות.

אַלעס, אַלעס, וואָס זיי קענען נור דערלאַנגען מיט זייערע וועקסעליך, האָבען זיי איבערגעשריעבען און פרקויפט, נור גאָטס הימעל מיט זיין גהינם און גן־עדן האָבען זיי ניט „איבערגעשריעבען" און פערקויפט. אפילו זייער נוטען יודען, פאַר וועלכען, דאַכט זיך, זיי זענען גרייט זיך מקריב זיין, האָבען זיי אויך איבערגעשריעבען און פערקויפט מיט דער פויק. און נאָך וואָס פאַר אַ גוטען יודען ! איינעם פון די גרעסטע, איינעם צו וועלכען מען פלעגט פאָהרען פון דער גאַנצער וועלט, אין וועלכען אלע חסידים האָבען געגלויבט אַז ער קען פון טויט לעבעדיג

מאכען, ביי וועלכען עס האבען זיך געפונען די שליסלען פון רעגען, פון פרנסה און פון הצלחה.

און ביי אזא גוטען יודען, וואס קומט ארויס פון א דור פון צדיקים, האבען זעלבסט די חסידים פראצענטניקעס מיט דעם סודעבנע פריסטאוו איבערגעשריעבען און פערקויפט, ווי מען זאגט, „דאס לעצטע העמד“

פון אזא טרויריגען פאקט שרייבט מען אונז פון טאלנע (קיעוו. גוב.). אלעס, וואס דער דארטיגער טאלנער רבי „רבי נחומ'צי“ האט פערמאגט, האבען די חסידים פראצענטניקעס פאר זיינע חובות פערקויפט, אפילו די קיך־טעפליך האבען זיי אהן רחמנות צונענומען.

ארים, נור מיט זיין שטעקען אין האנד האט ער געמוזט ארויסגעהן פון דעם „הויף“, — פון זיין פאלאץ, וועלכען מען האט פערקויפט מיט אלעם וואס עס האט זיך דארט געפונען.

אין דעמזעלבען פאלאץ איז ערשט מיט א יאהר 25 צוריק זיין זיידע ר' דוד'ל ז"ל געזעסען אויף א זילבערנעם שטוהל און פון דארט איז איצט זיין אייניקיל ארויס אהן איין אייגען הילצערען בענקיל. אין דעם פאלאץ, וואו זילבער מיט גאלד האבען בעשיינט אלע שאפעס, און ברילאנטען מיט גרויסע פעריל האבען געבליסקעוועט אויף דער רבצי'ן מיט איהרע טעכטער און שניר, איז דער איצטיגער רבי ארויס ווי דער גרעסטער ארימאן.

אין דעם טאלנער רבינ'ס פאלאץ וואו יאהרען לאנג האבען צעהנער טויזענדער ארימע לייט און קראנקע געגעסען און געשלאפען, פון דעם פאלאץ איז ארויסגעגאנגען דער רבי ניט האבענדיג וואו דעם קאפ אנידערצולעגען, וואו א נאכט איבערצונעכטיגען.

ווי א נע־ונד'ניק איז ער אוועק פון טאלנע וואוהין די אויגען האבען איהם געטראגען.

אומעטום אין גאנץ אוקראניע און אין פאדאליע, וואו די שטאדט טאלנע איז פון לאנגע יאהרען בעריהמט מיט איהרע גוטע יודען, איז מען שטארק אויפגערעגט פון דער טרויריגער געשיכטע. אפילו די דארטיגע קריסטען אינטערעסירען זיך איצט מיט דעם טרויריגען סוף פון דעם טאלנער רבין.

וואו איז אהין געקומען זיין געלד, זיין רייכטום וואס ער האט גע׳ירש'ט פון זיינע עלטערן — פרעגט יעדער. די אלע פערגעניגען, מיט וועלכע אנדערע רייכע יורשים מאכען אפט א תל פון מיליאנען ווי למשל טהעאטער, קארטען שפיעלען א. ד. ג. האט דער רבי ניט געהאט, אויף וואס'זשע און וואו איז זיין געלד אוועק, דען אויסער זיין ירושה האט ער געהאט יעהרליך א גרויסע הכנסה פון זיינע פיעל חסידים, וואס פלעגען צו איהם פאהרען. וואו'זשע איז זיין געלד?

דער רבי האט געהאט דאס אומגליק איין מאל אריינפאלען צו די פראצענטניקעס, און דאס אליין איז שוין א גוטער תירוץ אויף אלע קשיות.

יונג, כמעט אלם יונגיל האט דער רבי בעקומען די ירושה פון גוט יודישקייט, און דא האבען איהם צוביסליך אריינגעהאפט די פראצענטניקעס טאקע פון זיינע אייגענע חסידים, און פראצענט ווי יעדער ווייסט איז אזא זאך, וואס וואקסט זומער און ווינטער אהן רעגען. די גרויסע הוצאות פון „רבינ'ס הויף“ האבען זיך ניט פערקלענערט. און וואס ווייטער איז דער פראצענט אזוי גרויס אנגעוואקסען, אז דעם רבינ'ס הכנסה איז געוועזען ווינציג צו דעקען דעם פראצענט אליין, און פון קיין קרן צו דעקען איז שוין גאר קיין רעדע ניט.

יאהרען לאנג האבען די מתנגדים און שפעטער די משכילים זיך געראנגעלט מיט די גוטע יודען, און עס האט אבער ניט געהאלפען, די גוטע יודען האבען ניט אויפגעהערט צו געוועלטיגען.

נאר די פראצענטניקעס האבען אויף גיך מיט איינעם פון די גרעסטע גוטע יודען געמאכט א ענדע. עס איז ניט דא מעהר קיין טאלנער רבין

אמת ער האט געפונען זיך א ווינקעל אין טאלטשין צווישען די אלטע טאלנער חסידים, אבער טאקע נור א ווינקעל און ניט קיין „הויף“. די ירושה פון טאלנער גוט יודישקייט וועט מעהר שוין צו קיינעם ניט איבערגעהן. אין טאלטשין דערלעבט זיינע יאהרען דער לעצטער טאלנער רבי'...

אונז פרעהט זעהר וואס אין טאלטשין, ווי מען שרייבט אונז פון דארט, האבען זיך געפונען אזוינע גוטהערציגע מענשען, וואס זארגען מיט אלעם פאר דעם אומגליקליכען יורש פון די בעריהמטע טאלנער צדיקים, וועלכער איז ניט פעהיג צו קיין ארבייט און געוואהנט צו א רייך רוהיג לעבען.

טרויריג איז נור, וואס די פראצענטניקעס האבען גובר געוועזען ניט די מתנגדים און משכילים מיט זייערע ספרים...

אֱ מֶ ת.

---

# יודישע פאלקסבילדונג אין דער ליטא.

אין דער לעצטער צייט האט די חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען אין רוסלאנד זיך מעהר אנגעהויבען אינטערעסירען מיט די שולען און ביבלאטהעקען אין די יודישע שטעדט. אין די פיעל יאהרען, זייט די חברה איז געגרינדעט געווארען, פלעגט זיך בעגוגענען מיט דעם, וואס זי פלעגט פון דער ווייטענס יודישע שולען און ביבליאטהעקען אונטערהאלטען מיט געלד און ביכער. די לעצטע צייט האט די חברה זיך גענומען צו א וויכטיגען צוועק, זיך זעלבסט צו בעקאנען מיט די יודישע שולען און ביבליאטהעקען אויף דעם ארט, דערוויסען אויף דעם ארט זייערע מעלות און חסרונות און מיטהעלפען די שולען, זיי זאלען שטעהן אין א בעסערען שטאנד. צו דעם צוועק האבען זיי אויסגעקליבען אייניגע און זיי געשיקט אין די יודישע שטעדט.

ד"ר לאנדער, וועלכער איז וועגען דעם צוועק געפאהרען, האט זיך איצט אומגעקעהרט פון וועג און אויף א פערזאמלונג פון דער חברה, וואס עס איז פארגעקומען דעם 16 סעפטעמבער, האט ער וועגען זיין רייזע געהאלטען א אינטערעסאנטען רעפעראט, אין וועלכען ער האט די חברה בעקאנט געמאכט מיט דעם צושטאנד פון די שולען אין דעם יודישען תחום.

בעקענענדיג זיי פריהער מיט דער עקאנאמישער לאגע פון די יודען אין דרום רוסלאנד און אין דער ליטא, האט ער אנגעוויזען, אז אין ליטא זענען די יודישע איינוואהנער ארימער און דעריבער נייטיגט מען זיך דארט מעהר אין אומזיסטיג לערנען. ווי ער האט זיך זעלבסט איבערצייגט, נייטיגען זיך אין אומזיסטיג לערנען ניט נור א־ימע לייט, נאר אויך די מיטלערע קלאס, וועלכע שעמט זיך מיט איהר ארימקייט און ציהט פון זיך די לעצטע קליי צו צאהלען שכר למוד, האטש זעלבסט עסט מען זיך זאט ניט אן מיט דעם שטיקיל ברויט, דערצו פאר זייערע ביטערע גראשענס לערנען זיך די קינדער גור יודיש און פון אלגעמיינער בילדונג קען מען פאר זיי ניט טראכטען, ווייל עס זענען ניט דא קיין מאטעריאלישע מיטעל דערצו.—

אזוינע יודישע שולען, וואו מען זאל לערנען אלגעמיינע וויסענשאפטען, געפינען זיך איצטער זעהר ווינציג. די צאהל פון די תלמוד־תורה'ס, וואו מען זאל לערנען אויסער יודיש אויך רוסיש, איז אין ווילנער גובערניע אין גאנצען 3 און אין גראדנער 5. די איבריגע פיעל תלמוד־תורה'ס, וואס זענען צוּוואָרפען אין די צוויי גובערניעס, זענען ניט מעהר ווי די אלטפרענקישע הדרים מיט זייערע אלע חסרונות. די ארימע קינדער וועלכע האבען ניט קיין אנדערע שולען, פערפולען די אומזיסטיגע תלמוד תורה'ס, אין וועלכע זיי לערנען זיך אוים נור עטוואס יודיש. די ארימע קלאסע פערשטעהט זעהר גוט ווי נייטיג עס זענען פאר קינדער אויסער יודיש אויך אנדערע שפראכען און אנדערע למודים, נאר דאס מעהר פון זיי קענען דערצו ניט קומען. אמת, עס זענען דא אויף דעם יודישע פאלקסשולען, אבער זעהר ווינציג. אין די 30 שטעדטליך, וואס ד"ר לאנדער האט בעזוכט, געפינען זיך אין גאנצען 12 אזוינע שולען, איבערהויפט אין די גרעסערע שטעדט ווי ברעסט־ליטאווסק, גראדנא, ביאלאסטאק. דיא איבריגע פיעל שטעדטליך זענען כלל אהן שולען. און דארט וואו עס געפינען זיך שוין שולען, קען מען אויך ניט צונעמען אלע קינדער, וועלכע ווילען זיך לערנען.

נאך ווייניגער שולען אין דער ליטא געפינען זיך פאר יודישע מיידליך. אין די צוויי גרויסע גובערניעס ווילנער און גראדנער בלייבען דאס רוב יודישע מיידליך גאר אהן בילדונג.

אין דער לעצטער צייט האט מען אין די יודישע פאלקסשולען אנגעהויבען לערנען מיידליך אין די שטונדען ווען די יונגליך זענען פריי פון לערנען.

דער רעפערענט לויבט זעהר די נייע איינפיהרונג, זי האט נאך די מעלה וואס זי קאסט זעהר ביליג. שולען וואס לעהרער עפענען, געפינט זיך א קליינע צאהל, ווייל עס לוינט פאר זיי ניט אויסצוהאלטען די שולען, און שוין די געעפענטע שולען ווערען אפט אויך דעריבער פערמאכט.

דער רעפערענט לויבט זעהר די היינטיגע מוסטער הדרים, וועלכע געפינען זיך איבערהויפט אויך אין די גרעסטע שטעדט, ווי די מוסטער חדרים פון ראבינער עפשטיין און גראדנא און סוהאוואלסקע אין ביאלים־טאק. ער בעדויערט פאר וואס אין די מוסטער חדרים לערנען אויך ניט קיין מיידליך.

לויט ווי ד"ר לאנדער האט זיך אויספיהרליך בעקאנט מיט די מעלות און חסרונות פון די אלערליי שולען אין די יודישע שטעדט, איז ער געקומען צו דעם בעשלוס: א) די חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען דארף פערנעמען אלע מיטלען, אז אין די תלמוד תורה'ס זאל מען אויך לערנען אלגעמיינע וויסענשאפטען און בכלל זיי שטעלען אין אלע אופנים אין א בעסערען שטאנד, אין וועלכען זיי געפינען זיך איצטער; ב) מען דארף ווירקען, אז אין וואס מעהר שולען זאל מען לערנען מיט מיידליך אין די שטונדען, ווען די יונגליך זענען פריי פון לערנען. ג) די חברה דארף זיך אומקוקען אויף די מוסטער חדרים און זיי מאטעריאליש מיטהעלפען, אז ארימע קינדער זאלען אויך קענען דאָרט לערנען ניט נור פערמעגליכע, וועלכע קענען צאהלען; ד) מען דארף מיטהעלפען מיט געלד די ביבליאטהעקען, וועלכע געפינען זיך אין די קליינע שטעדטליך.

דער הויפטגרונד, וואס ד"ר לאנדער האט פארגעלעגט, בעשטעהט, אין דעם, אז די חברה דארף האבען א שטענדיגען שייכות מיט די יודישע שטעדטליך און דוקא פון די דארטיגע איינוואהנער געפינען מיטארבייטער וואס קענען דער חברה מיטהעלפען אין זייער וויכטיגען צוועק צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** *** ביי דער לעמבערגער אסיפה פון יודישע סטודענטען זענען אנגענומען געווארען זעהר וויכטיגע בעשליסע און רעזאלוציאנען. נאך דעם רעפעראט פון ה' טהאן וועגען גרינדען א חברה „יודישעס וויסען" איז אויסגעקליבען געווארען א קאמיסיע וועלכע זאל עוסק זיין אין דער ארגאניזאציאן פון דער נייער חברה. אויסערדעם איז אנגענומען געווארען א רעזאלוציאן פון ה' וואשיטץ, אז אלע יודישע סטודענטען־פעריינע זאלען זיך אבגעבען מיט יודישע וויסענשאפט און ליטעראטור. אויך די אנטרעגע פון רעפערענט ה' בראמבערג וועגען גרינדען א יודישעס סטודענטען־היים און פון רעפערענט ה' העשעלעס וועגען גימנאסטיק פאר וועלכער ס'זאל געמאכט ווערען פלאץ אין דעם יודישען סטודענטען־היים, זענען אנגענומען געווארען.

זעהר וויכטיג איז אויך געווען דאס רעפעראט פון ה' לעווענהערץ איבער די מאטעריעלע לאגע פון דער יודישער יוגענד. פון אלע יודישע סטודענטען זענען אפשר ניט מעהר ווי 20% פעראינטעריסט מיט דעם סטודענטישען לעבען און דעריבער קענען די יודישע יוגענד נור ווייניג וואס דערגרייכען. די הויפט־סבה דערפון איז, וואס עס מאנגעלט זיי אין א יודישען יסוד; חוץ די ציוניסטישע סטודענטען האבען גאר ווייניג פון זיי א געוויסען ציעל אין זייער אקאדעמישען צוזאמענלעבען. די יודישע סטודענטען זענען גרעסטענטהיילס יוריסטען און וועגען זייער ארימקייט מוזען זיי זוכען ארבייט ביי אדוואקאטען; זיי בעקומען ווייניג שכירות און ווערען בענוצט צו ארבייטען וואס זענען געגען סטודענטישען כבוד. דער רעפערענט שלאגט פאר: 1) צו וועהלען א קאמיסיע צום אויספארשען די לאגע פון די סטודענטען וואס ארבייטען ביי אדוואקאטען און זייער לאגע צו פערבעסערן; 2) צו פאדערן פון די יעניגע פערזאמעלטע וועלכע געהערען צו סטודענטישע חברות, אז זיי זאלען גרינדען א געמיינשאפטליכעס ביורא צו פערשאפען ארבייט פאר יודישע סטודענטען; 3) צו שאפען א שטענדיגע פערטרעטונג, צו וועלכער עס זאלען געהערען די פרעזידענטען פון אלע יודישע סטודענטען־חברות. —

וועגען דעם לעצטען פונקט פון דער טאגעסארדנונג, דאס פערהעלטניס פון יודישע סטודענטען צו זייערע נישט־יודישע חברים איז אנגענומען געווארען דער דאזיגער בעשלוס: מען זאל זיך פאר אלעם אינטערעסירען פיר די טובה פון יודישען פאלק, אין אזעלכע אנגעלעגענהייטען אבער, וואס זענען נישט נוגע יודען אליין נאר זיי האבען א אלגעמיינעם כאראקטער זאלען מען געהן צוזאמען מיט די פארטגעשריטענסטע פארטייען.

צום ענדע איז אויך אנגענומען געווארען איין בעשלוס, צו מאכען אין אוניווערזיטעט איין אסיפה פון יודישע סטודענטען, וועלכע זאל זיך בעשעפטיגען מיט דער פראגע וועגען פאדערן פון אקאדעמישען סענאט די אנערקענונג פון דער יודישער נאציאנאליטעט.

*** לעמבערגער קהל האט אין זיין לעצטער זיצונג געפאסט א וויכטיגען בעשלוס: צו גרינדען א ביורא „פיר פערמיטלען שטעלען און ארבייט" און האט איבערגעגעבען איינעם פון זיינע חברים אויסצוארבייטען די תקנות. דערצו בעמערקט דער "Wschód": הלואי זאל דאס אונטערנעהמען געלינגען און נישט האבען אזא סוף ווי דאס ביורא מיט דעמזעלבען ציעל פיר יודישע האקער וועלכעס איז געגרינדעט געווארען פון דער חברה „בני־ברית". פאר אלעם מוז דאס ביורא געמאכט ווערען בעקאנט און פאפולער און דערהויפט מוזען די רייכע יודען עס מיט חשק בענוצען און דאס אונטערשטיצען. אין פראלעטאריער וואס זוכען ארבייט איז קיינמאל ניט קיין מאנגעל. דאן מוזען זיך מיט דער הנהגה פון ביורא בעשעפטיגען יונגערע קרעפטען, וועלכע זענען נאך נישט אבגעמוטשעט פון קהל'שע ארבייטען.

— אין אונגארישען פארלאמענט זענען אויסגעקליבען געווארען 16 יודען דעפוטאטען, נאר די אלע יודישע דעפוטאטען פערטרעטען פערשיעדענע פארטייען, אבער נישט זייערע ברידער.

*

**רוסלאנד.** — דער שולען־ראטה פון דעם הייליגען סינאד האט צוגעשיקט א צירקולאר, לויט וועלכען יודישע און מאחמעדאנישע שילער, וואס ענדיגען אפילו גוט דעם קורס פון צערקאוונע־פריהאדסקע שולען ווערען נישט צוגעלאזען צו די לעצטע עקזאמענס, כדי צו בעקומען לגאטעס ביי מיליטער דיענסט אדער איין אטעסטאט. יודישע און מאחמעדאנישע שילער, וועלכע לערנען אין די צערקאוונע־פריחאדסקע שולען, זענען נישט מחויב צו לערנען רעליגיאן (נאטירליך די קריסטליכע), און אויב זוי ווילען יא לערנען, מעגען זיי נור זיין אלס' צוהערער.

— די ריגאער קאמיסיאן איינצוריכטען פאלקספארלעזונגען מאכט יעדען שבת פארלעזונגען פאר יודען מיט דער הילף פון דער ריגאער אבטהיילונג צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען. סך הכל זענען געקומען הערען די פארלעזונגען 3,064 פערזאן, 2,152 מענער און 912 פרויען.

= דער „יוג" איז מודיע, אז די יודען אין וואלעגא ציל אווא (הערס' גוב') סטארען זיך וועגען איין ערלויבניש צו גרינדען א חברה צו לערנען ארימע קינדער. אין שטעדטיל געפינען זיך בערך 120 יודישע פאמיליעס, וועלכע זענען נישט אומשטאנד צו געבען זייערע קינדער א וואסערע ס'איז בילדונג. דער גובערנאטאר שיקענדיג די ביטע צום מיניסטער האט מוסיף געווען אז פון זיין זייט איז נישטא קיין שום מניעה צו גרינדען די חברה.

= די „סיעווער זאפאד' סלאוואַ" איז מודיע אז ביז יעצט זענען אנגעגעבען געוואָרען אין דער ווילנער האנדעלסשולע 630 ביטען און פון זיי 63 פון קריסטען.

= די אדעסער אבטהיילונג פון דער חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען האט נאך פאר א לאנגער צייט געמאכט א קאמיסיאן, כדי אויסצופארשען דעם מעמד פון די אדעסער חדרים. בעקומענדיג יעצט דעם רעפעראט פון דער קאמיסיאן, האט די אדעסער אבטהיילונג בעשלאסען צו נעהמען אויף זיך די ארבייט צו מאכען פערבעסערונגען אין די חדרים לויט ווי די היינטיגע צייט פאדערט. די פרטים פון די פערבעסערונגען וועלען ווערען אויסגעארבעט אויף די ווייטערע אסיפות.

= דער „מינסקי ליסטאק" איז מודיע, אז ביז אהער האבען איינגעגעבען ביטען אין דער ניי ערעפענטער מינסקער האנדעלסשולע 123 פערזאן, און פון זיי 80 קריסטען. און ווייל אין דער ערשטער צייט זענען געמאכט פערגרינגערונגען פאר יודען, וועלען קענען איינטרעטען אין שולע אזוי פיעל יודען, וויפיעל קריסטען ד. ה. 80 שילער.

= די קישינעווער יודישע געמיינדע איז איצט פערנומען מיט דעם פראיעקט פון גרינדען א מיטעל-שולע ספעציעל פאר יודען. מען רעכענט אויך אויף די שטיצע פון אנדערע יודישע שטעדט.

די הוצאות וועלען קענען געדעקט ווערען אויס די רעסטען פון קאראבקע, וועלכע ליגען אהן נוצען און בעטרעפען פיעל מיליאנען רובעל.

— עס איז געשטארבען אין וויעסבאדען (דייטשל.) דער בקאנטער באנקיר היפאליט וואוועלבערג.

— אין דער ליבויער האנדעלסשולע זענען צוגענומען געווארען לויט די תקנות 40 פראצענט יודישע שילער, חאטש קאנדידאטען איינצוטרעטען איז געווען 4 - 5 מאל אזוי פיעל.

— אויף דער לעצטער אסיפה פון דער חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען איז בעשטימט געווארען די פרעמיע פון לעאן ראזענטהאל פאר א ווערק אין יודישער געשיכטע און ליטעראטור — ה' בן ציון כ"ץ. דער אינהאלט פון זיין ווערק איז די געשיכטע פון די פרושים און צדוקים.

*

**רומעניען.** — די עמיגראציאן אויס רומעניען געהט ביסליכווייז, נאר אהן אנ'אויפהער. דער רוב יודען אין רומעניען לעבט מיט דער האפנונג אויף דעם קומענדען טאג, ווען זיי וועלען קענען פערלאזען זייער פאטערלאנד. דער גליקליכער טאג קומט מיט דער מינוט, ווען א רומענישער יוד קריגט פון זיין קרוב א שיפסקארטע קיין אמעריקא, געוועהנליך פון ראטערדאם ביז ניו-יארק. דאן טראכט ער נישט לאנג און פאהרט קיין וויען, דארט בעקומט ער פון דער „איזראעליטישער אלליאנץ" עסען און טרינקען און א באהנבילעט ביז ראטערדאם. ווארטענדיג אין ראטערדאם א פאר טעג אויף דער שיף, בעקומט דער עמיגראנט זיין אויסהאלטונג פון מאנטעפיארע-פעריין. עס פערשטעהט זיך, אז אזא מין פאהרען קען מען נישט אנרופען לוסטרייזע, נאר דער רומענישער יוד פיהלט זיך גליקליך, דאס ער האט זיך ארויסגעריסען פון טייערען פאטערלאנד און זעהט מעהר נישט די רומענער אין די אויגען.

אויף דער פערזאמלונג פון קריסטליכע בעלי-מלאכות אין בוקארעסט האט זייער אנפיהרער בראטעסקא מודיע געווען, אז דער פראיעקט, דאס מען זאל יודען בעלי מלאכות נישט איבערגעבען קיין ארבייט פון דער רעגירונג וועט בקרוב ווערען בעשטעטיגט פון פארלאמענט.

— אין רומעניען האט עקזיסטירט ביז לעצטע צייט א סאציאלדעמאקראטישע פארטיי. איצט איז די פארטיי בטל געווארען דורך דעם, וואס עס זענען אין איהר איינגעטרעטען זעהר פיעל יודען און די רומענער ווילען נישט זיין בחברותא מיט יודען.

*

**פראנקרייך.** = עס איז פערעפענטליכט געווארען דער דין וחשבון פון דער קאמיסיאן, וועלכע איז געזעצט געווארען פון פראנצויזישען פארלאמענט כדי אויסצופארשען די סבות פון די אונרוהען און פאגראמען אין אלזשיר. די קאמיסיאן האט געפונען, אז די הויפט סבה איז וואס לויט דעם קרעמיע-געזעץ האבען די אלזשירער יודען בעקומען אלע פאליטישע רעכטע און די היימישע אראבער נישט. אלע בלבולים, וועלכע די אנטיסעמיטען לעגען ארויף אויף די יודען, זענען נישט ריכטיג. פראצענטניקעס זענען פארהאן צווישען יודען זעהר וועניג און זייער רייכקייט איז נור איין איינגעבילדעטע. די שנאה צו יודען שטאמט על פי רוב דערפון, וואס יודען זענען פעהיגער אין האנדעל, שיכור'ן נישט און בעגניגען זיך מיט א קליינערען פערדינסט. די קאמיסיאן איז געקומען צום בעשלום, אז דאס קרעמיע-געזעץ דארף נישט ווערען געענדערט.

— אין פאריזער בית-עולם איז געשטעלט געווארען א מאנומענט היינריך היינע פאר דעם געלד, וועלכעס איז געזאמעלט געווארען דורך די ליבעראלע פארטיי אין וויען. דער דעפוטאט פון פארלאמענט נאסק'ע האט געהאלטען א רעדע, אין וועלכער ער האט געשילדערט דאס שיקזאל פון דעם פאעט, וועלכער איז געווארען געררודפ'ט פאר'ן לעבען און נאכ'ן טוידט. פון די אנטיסעמיטישע מיטגליעדער פון פאריזער מאגיסטראט איז קיינער נישט געקומען.

*

**בעלגיען.** — האטש אין בעלגיען וואהנען זעהר ווייניג יודען (סך הכל 4000 נפשות) פונדעסטוועגען שטארק זיך דארט דער אנטיסעמיטיזם סיי צווישען דער ליבראלער סיי צווישען די קאנסערוואטיווע פארטיי. נישט לאנג איז דארט געגרינדעט געווארען א קאמיטעט צו קעמפפען געגען דעם אנטיסעמיטיזם, וועלכער האט פערעפענטליכט א קול קורא אין 300,000 עקזעמפלארען.

*

**ענגלאנד.** אין לאנדאן ווערט צוגעגרייט א גרויסע ציוניסטישע פערזאמלונג, צו וועלכער עס וועט קומען דר. הערצל.

— אין מאנטשעסטער איז געוועזען אין קאמעדיע-טעאטער איין ציוניסטישע אסיפה, אויף וועלכער עס האבען געהאלטען רעדען סיר פרענסיס מאנטעפיארי און דער נייער פרעדיגער דר. י. ל. לאנדא. מעהר ווי 2000 מענער און פרויען זיינען געוועזען אויף דער אסיפה.

= ווי מיר האבען שוין לאנג מודיע געוועזען האט די חברה יק"א פערשפיעלט אין 2 אינסטאנצען איהר פראצעס מיט דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע מאהנט פון איהר 12 מיליאָנען ירושה-אבצאהל. זי האט געקענט אפעלירען נאך אין דעם אויבערהויז פון פארלאמענט, נאר זי האט געהאלטען פאר גלייכער צו ענדיגען דעם ענין בשלום. די רעגירונג האט זי בעפרייט פון די פראצענט פון דעם אבצאהל און נעהמט דאס געלד אין 2 ראטען.

*

**אמעריקא.** = פרוי ג'ערטרוד בערג בריינגט אין א ניויארקער בלאט אינטערעסאנטע ידיעות וועגען יודישע פרויען, וועלכע פערנעהמען זיך אין די פעראייניגטע שטאטען מיט מעדיצין, אדוואקאטור וכדומה. זי רעכענט אויס מיט די נעמען בערך 300 אזעלכע פרויען, נאר מיט זיי לאזט זיך נאך נישט אויס דער צעטעל. די צאהל פון יודישע לעהרערינס אין די אלגעמיינע שולען איז זעהר גרויס. דער רוב פון די דאזיגע פרויען, ווי מען קען דערקענען אן די פאמיליענגעמען איז אויס רוסלאנד, איניגע פון די יודישע פרויען פערדיענען פון זייער מעדיצינישער פראקסיס ביז 20,000 רובל. ראזאליא לעוו איז פרעזידענט פון פרויען-אדוואקאטען קלוב אין ניו-יארק. איינע פון די בעסטע בילדהויערינס אין פילאדעלפיא איז פרוי קעט קאהן. פרייליין אננא סאלאמאנס איז פרעזידענטין פון דעם מאלער-פעריין אין ניו-יארק.

---

## מַיין הַארץ אִיז אִין מִזְרָח...

(נאך יהודה הלוי).

מַיין הַארץ אִיז אִין מִזְרָח, אוּן אִיךְ בִּין אִין מַעֲרָב,
וִוי קָאן אִיךְ אַ גְלִיקְלִיכֶער זַיין,
וִוי קָאן אִיךְ פֶערְגֶעסֶען מַיין שְׁרֶעקְלִיכֶעס אוּנְגְלִיק
אִין לֶעבֶּען פוּל נַחַת אוּן שַׁיין...

אִין ווייטֶע, אִין גְלֶענְצֶענְדֶע שֶׁענֶע מְדִינוֹת
בִּין אִיךְ, וִוי אַהְן וָוארְצְלֶען אַ בּוֹים,
מִיר חָלוֹמ'ט זִיךְ צִיוֹן, מַיין אָרִימֶעס צִיוֹן,
עֶס צִיהְט מִיךְ אָהְן אוֹיפְהֶער אַהֵיים...

עֶס גִיסֶען זִיךְ לִיעדֶער פוּן גְלִיק אוּן פוּן לֶעבֶּען,
אִיךְ הֶער נוּר אַ בִּיטֶער גֶעוויין...
עֶס יָאמֶערְט מַיין בְּרוּדֶער... וִוי קָאן אִיךְ זַיין רוּהִיג
אוּן לֶעבֶּען פַאר זִיךְ נוּר אַלֵיין!...

ל. יפה.

---

## יאַנקאָ דער מוזיקאַנט.

פון

הענריק סענקיעוויטש.

געקומען איז ער אויף דער וועלט באלד אנ'אויסנעדארטער, א שוואכינקער, אז די ווייבער, וואס זענען דעמאלט געשטאנען ארום דער

קינפעטאָרען, האָבען אַזש אָבגעזיפּצט שאָקלענדיג די קעפּ איבער דאָס קינד און איבער די מאַמען. דעם שמידס ווייב, וואָס איז כלומר'שט געוועזען די גרעסטע חכמניה, האט זיך דעמאָלט אַזוי אָנגערופען:

— ניט אהער, מיין הארצידינע, וועל איך נאָך אייך ליכט אָנ־צינדען, איידער די נשמה אייערע געהט זיך אויס... נאָך דעם גלח וועל איך שיקען, איהר זאָלט זיך מתודה זיין אייערע זינד, דער גלח זאָל מוחל זיין...

— און דאָס קינד — רופט זיך אָן אַ צווייטע — דאַרף מען באַלד אָבטויפען, ווייל עס וועט זיך אויף דעם גלח שוין נישט דער־וואַרטען... זאָל ער נאָך דעם טוידט נישט דאַרפען חלילה אַ שד ווערען... *)

מען האט אָנגעצונדען ליכט, דערנאָך האָט איינע גענומען דאָס קינד, בעשפּריצט עס מיט וואַסער און דערביי געזאָגט:

— איך טויף דיך א. ז. וו. און איך גיב דיר אַ נאָמען יאַן! אַצונד קעהר דיך צוריק אָרים נשמה'לע פון וואַנען דו ביסט געקומען. אָמן!

דאָס אָרימע נשמה'לע האָט אָבער נאָר קיין חשק נישט געהאַט צוריקצוקעהרען זיך, פון וואַנען זי איז געקומען; פערקעהרט, דאָס נשמה'לע האט גאָר אָנגעהויבען וואַרפען מיט די פיסליך פון דעם קליינעם קערפּער, וויינענדיג דערביי שוואַך ווי אַ קעציל, אָדער ווי אַ יונג שוואַלביל.

דער גלח איז געקומען, האט זיינס אָבגעטהון און איז אַוועק־געפאָהרען: די קראַנקע איז דערווייל בעסער געוואָרען, און אַ וואָך שפּעטער האט זי זיך גאָר אין גאַנצען אויפגעהויבען און איז זיך אַוועק־געגאַנגען צו דער אַרבייט. דאָס קינד האָט קוים געזיפּעט, אָבער „נע־לעבט" האט עס דאָך... אַזוי האט עס אָבגעקרענקט אָהן איין אויפ־הער ביז צום פיערטען יאָהר, דעמאָלט האט איהם אַ מכשפ'טע אָב־געשפּראָכען די קרענק, נאָך דעם איז איהם טאַקע באַלד בעסער גע־וועזען און ער האָט זיך שוין ווי ס'איז דערשלעפּט ביז צעהן יאָהר.

אַ דאַרער איז ער אַלע מאָל געוועזען. אַ מאָגערער, הויט און ביין, איין אָבגעברענטער פון דער זון, דער בויך אויפגעבלאָזען, די באַ־קען איינגעפאַלען, האָר — כמעט ווייס ווי קאַנאָפּלע, לאַנגע, צושויבערטע, ביז אין די אויגען, וואָס האָבען געקוקט מיט איין אייביגער טרורינקייט אין דער ווייטער וועלט, גלייך ווי זיי וואָלטען דאָרט עפּיס געזוכט...

ווינטער פלעגט ער תמיד זיצען אונטער דער הרובע, שטענדיג געוויינט זיך שטיל, אַמאָל פון קעלט, אַמאָל פון הונגער, ווען די מאַמע האָט נישט געהאַט וואָס אַריינצולייגען נישט אין אויווען און נישט אין טאָפּ... זומער געהט ער אַרום אין אַ בלויז העמדיל, צוגעבונדען מיט אַ שטריקיל, אויף דעם קאָפּ אַ שטרויענעם קאַפּעלוש, מיט אַנ'אָב־געריסענעם דאַשעק. די מאַמע, אַנ'אָרימע שכנ'טע, וואָהנט ביי יענעם אין אַ ווינקעל, אַרבייט שווער ביי יענעם פאַר אַ שטיקיל טרוקען ברויט, האט קוים דעם טאָג איבערצולעבען, קוים וואו דעם קאָפּ אַנידער־צולייגען. איהר אָרים ווערימיל האט זי, דאַכט זיך אַפילו, ווי ס'איז ליעב, פונדעסטוועגען קיין קלאַפּ זשאַלעוועט זי איהם נישט, געוועהנליך דע־מאָלט ווען זי האָט נישט צו וועמען איהר ביטער האַרץ אויסצולאָזען...

אַז ער איז קוים אַלט געוואָרען אַכט יאָהר, איז ער שוין אַ פּאַסטוך געוועזען. גאַנצע טעג געוועזען מיט די בהמות אין פעלד, אָדער גאָר אין וואַלד, שוואַמען געקליבען, ווען אין דער היים איז נישט געוועזען וואָס צו עסען. אַז אַ וואָלף האט איהם דעמאָלט נישט אויפגעפרעסען איז אויך גאָטס וואונדער...

ווי אַלע דאָרפישע קינדער, איז ער אויך געוועזען אַ נישט דרייסטער. רעדענדיג מיט אַ מענשען, פלעגט ער אַלע מאָל האַלטען די פינגער אין מויל, אויסער דעם איז ער גלאַט געוועזען עפּיס אַ שטיק שלאַק, נישט צו גאָט און נישט צו לייטען. אַז ער זאָל זיך ווי ס'איז אויפהאָדעווען האט זיך גאָר קיינער נישט געריכט, אַז די מאַמע זאָל אַמאָל פון איהם נחת האָבען, האט מען אודאי נישט גע־גלויבט. אַ קאַליע געמאַכטע נשמה, וואָס טויג צו גאָר נישט, געהט אַרום ווי אויף דעם עולם הדמיון און הערט זיך נור איין צום שפּיעלען.

שפּיעלען הערט ער אומעטום! געהט ער אין וואַלד אַריין מיט די בהמות אָדער נאָך יאַגדעס קומט ער צוריק אַ פערפלאַמטער און דערצעהלט דער מאַמען:

— אַי מאַמע! מאַמע! אין וואַלד האט עפּיס אַזוי געשפּיעלט!... אַי, אַי, אַי!

געוועהנליך ענטפערט איהם די מאַמע:

— איך וועל דיר דאָ באַלד צושפּיעלען, וועסט דו מיך האָבען צו געדענקען...

אָפּט פלעגט זי עס טאַקע מקיים זיין... דאָס קינד האט דע־מאָלט געוויינט, געשריען, צוגעזאָגט דער מאַמען, אַז ער וועט שוין מעהר נישט, נאָר פונדעסטוועגען הערט ער דאָך נישט אויף צו טראַכ־טען, אַז אין וואַלד שפּיעלט עפּיס. וואָס, ווייס ער אַליין נישט, נאָר עס שפּיעלט!... די סאָסנעס שפּיעלען, די בוקאָווינעס, די בירקעס, אַלע, אַלע בוימער, דער גאַנצער וואַלד שפּיעלט!

דער ווידער־קול אפילו! די בלימליך, וואָס וואַקסען צווישען קאָרן, און די פייגעליך, וואס וואָהנען אויפ'ן קאַרשענבוים אונטער יאַנקאָס הייזיל, זיי שפּיעלען דאָך אַזוי, אַז די צווייגען שאָקלען זיך אַזש!... ביי נאַכט, ווען ס'איז אַרום שטיל, אַז יאַנקאָ נעמט זיך איינ־הערען אין די אַלע געזאַנגען, דאַכט זיך איהם אויף זיכער, אַז דאָס גאַנצע דאָרף האט זיך צוזינגען!... שיקט מען איהם אין פעלד אריין, ער זאָל צוּוואַרפען דאָס מיסט, מיינט ער אַז דער ווינד שפּיעלט איהם אויף די שטאָהלערנע ווידלעס...

אמאָל האט איהם פונקט בעמערקט דער סקאַרבאָווי, ווי ער שטעהט מיט די ווידלעס אין די הענד און גאַפּעט זיך ווי אַ ליימענער גולם, האט ער מן הסתם אַראָבגענומען דעם פּאַסעק און איהם גע־געבען ווי ס'דאַרף צו זיין... נאר געהאָלפען האט עס ווי אַ טויטען באַנקעס...

אין דאָרף פלעגט מען איהם רופען „יאַנקאָ דער מוזיקאַנט". זומער פלעגט ער אַמאָל אויף גאַנצע טעג פערשווינדען; דעמאָלט האט מען איהם געקענט געפינען ביים טייך, וואו ער איז זיך געזעסען מיט איין אויסגעשניצט פייפעריל און האט געשפּיעלט. אין די זומערדיגע נעכט, ווען די זשאַבעס האבען געקוואַקעט אין די בלאָטעס, און דער וואַכטעלקעניג האט גענומען שרייען, איז זיך יאַנקאָ אויפגעשטאַנען פון זיין טאַפּטשאַן, אַרויסגעגאַנגען פון שטיביל און געזעצט זיך אויף דער שוועל צוהערען זיך, גלייך ווי ווער ווייסט וואס ס'וואָלט אַזעלכעס געשפּיעלט.

דער סטראַזשניק, וואס געהט אַ גאַנצע נאַכט אַרום איבער דעם דאָרף און צעהלט די שטערען, ער זאָל נישט איינשלאָפען אדער ער שמועסט זיך אויס מיט די הינד, זעהט אָפּט ווי יאַנקא לויפט אין איין

1) דאָס פאָלק גלויבט, אַז ווען אַ קינד שטאַרבט אַוועק פאַר דעם טויפען ווערט עס נאָך דעם טוידט מגולגל אין אַ שד. דער איבערזעטצער.

העמדיל אויף דעם וועג צו דער קרעטשמע, דארט שטעלט ער זיך און הערט זיך איין שעות'ווייז, ווי די קאַפעלע שפּיעלט, די פּאַראָבקעס טאַנצען, טופּען צו מיט די שטיעוועל צום טאַקט און שרייען נאָך צו: „אָ—האַ!" די פּיעדעל זינגט זיך איהרס פּרעהליך: „זאָלען מיר עסען, זאָלען מיר טרינקען, זאָלען מיר פּרעהליך זיין!" און דער באַס ענטפּערט מיט אַ גראָב ערנסט קול: „זאָלען מיר פּרעהליך זיין!" און ס'דאַכט זיך אַז יעדער באַלקען אין דער קרעטשמע שפּיעלט מיט צום טאַקט...

אַך! וואָס וואָלט ער אַוועקגעגעבען, אַז ער זאָל בעקומען אַזא פּיעדעלע, וואָס זינגט אַזוי איידעל און זיס, וואָס איהר שפּיעלען צור־געהט אין אַלע גליעדער! אַי, דאַכט זיך דאס לעבען וואָלט ער אַוועק־געשענקט פּאַר אַזעלכע ברעטליך, וואָס זינגען... ער זאָל האָטש ווען ס'איז איין מאָל אין לעבען אַזא פּיעדעל אין דער האַנד האַלטען...

אַזוי לאַנג שטעהט ער אונטער דעם פּענסטער, ביז ס'קומט אונטער דער סטראַזשניק מיט אַ געשריי:

- אַהיים נעה דו פלאָג איינע! איך מאַך דיר דאָ באַלד דעם טוידט!

יאַנקאָ אַנטלויפט אַ דערשראָקענער אויף די באָרוועס אויסגע־דרעהטע פּיעסליך, און נאָך איהם, דאַכט זיך, שווימט נאָך אין דער פּינסטער דאס זיעסע געזאַנג: „זאָלען מיר עסען, זאָלען מיר טרינקען, זאָלען מיר פּרעהליך זיין!" אין דער באַס שלעפּט זיך נאָך ווי ער קען: „זאָלען מיר פּרעהליך זיין!"...

אַז ס'פּלעגט קומען דער סוף פון שניט אויף די **פּעלדער, אָדער** אַז ס'פּלעגט זיך מאַכען אַ חתונה, וואו מען האָט געשפּיעלט, איז פּאַר איהם דאַמאלס גאָר געוועזען אַ יום־טוב! נאָך אַזא טאָג פּלעגט ער זיך בעהאַלטען אונטער דער הרובע און זיטצען אַ גאַנצען טאָג שטילישקע, צו קיינעם מיט קיין וואָרט זיך נישט אָנרופען, נאָר גלאָצען מיט די אויגען און גאָר נישט!...

איין מאָל האט ער זיך אַליין געמאַכט אַ פּיעדעלע פון שינדלען און די סטרונעס האָט ער געמאַכט פון פּערדישע האָר, נאָר געשפּיעלט האָט די פּיעדעל ווי אַ קאָמאַר, קוים וואס מען האָט נעהערט, דאַכט זיך אַ מייזיל קוויטשעט... פון דעסטוועגען וויל די פּיעדעל יאַנקאָ פון דער האַנד נישט אַרויסלאָזען גאַנצע טעג און נעכט, און בעקומט דער־פּאַר קלעפּ אַז ס'איז אַ וואונדער ווי ער האַלט עס אויס...

אַזא נאַטור האָט ער שוין!...

וואָס אַמאָל ווערט ער מעהר אויסגעדאַרט און אויסגעטרוקענט, וואָס אַמאָל בלאַסער, די באַקען און די ברוסט מעהר איינגעפּאַלען, נאָר דער בויך איז ביי איהם געבליבען אַנ'אויפּגעבלאָזענער... די האָר זענען ביי איהם וואָס אַמאָל געדיכטער און די אויגען אַלע מאָל גרעסער און ווילדער.

נאָר נישט גלייך צו אַנדערע קינדער!... גיכער גלייך צו זיין הילצערן פּיעדעלע, וואָס לאָזט זיך קוים הערען. לעבט זיך אָן גאַנצע טעג מיט רויהע מייערען, און גאַנצע נעכט טראַכט ער נור, ווי צו בעקומען אַ רעכטע פּיעדעל...

און דער געדאַנק האָט איהם דאָס טאַקי אין גרעסטען אונגליק פּערשלעפּט!

דער לאָקיי אין הויף האָט געהאַט אַ פּיעדעל. אַלע פּאַר נאַכט פּלעגט ער זיך אַוועקזעצען אונטער דער דינסטס פּענסטער און גע-שפּיעלט גאַנצע שעה'ן. גלאַט אַזוי, כדי איהר צו געפּעלען... אָפּט־מאָל אַז יאַנקאָ האָט זיך פּערגנב'ט אונטער דעם פּענסטער פון דעם עס־צימער און חאָטש פון דערווייטענס געקוקט אויף די פּיעדעל, וואָס האָט אויף דער וואַנד געהאָנגען, האָט זיך איהם אלע מאָל נע־דאַכט, אַז דאס איז עפּיס אַזאַ מין הייליגקייט, וואָס ער איז גאָר נישט ווערט עס אָנצוריהרען, אָדער גאָר אַזאַ ווייטע זאַך, וואָס ער וועט דאָס קיין מאָל אין לעבען נישט ערגרייכען... „געוואַלד! חאָטש איין מאָל אַזאַ פּיערעלע אין דער האַנד האַלטען"—טראַכט ער אָפּט.

איין מאָל אין אַ ליכטינע נאַכט איז זיך יאַנקאָ אַזוי געשטאַנען אונ־טער דעם אָפּענעם פּענסטער, בעהאַלטען אין די בוימליך. אין הויף איז שטיל, דער פּריץ מיט זיין הויזגעזינד זענען נאָך נישט געקומען צוריק פון די אויסלענדישע בעדער, דער לאָקיי איז אויך נישט דאָ אין שטוב, די לבנה קוקט זיך אַריין אין עס־צימער, גלייך ווי זי וואָלט אויך געזוכט דעם לאָקיים פּיעדעל... זי געפינט זי טאַקי אויף דער וואַנד, און דאַמאָלס ווייזט זיך יאַנקאָ אויס, אַז די פּיעדעל קוקט אויף איהם מיט זילבערנע אויגען. די איינגעפּאַלענע זייטען, די גלענ־צענדע סטרונעס און דאָס געשניצטע הענטיל ווינקען צו איהם ליעב־ליך, דער לאַנגער, זילבערנער סמיטשיק שמייכעלט צו איהם און רופט איהם נעהנטער צו...

מיט איין אָפּען מויל, די הענד אויף די קניה אָנגעשפּאַרט שטעהט ער און ציטערט אַזש פון מורא און פון תאוה אינאיינעם... אַ כשוף צי וואָס?! דאַכט זיך, אָט זעהט ער אויף קלאָהר, ווי די פּיעדעל שווימט צו איהם וואָס אַמאָל נעהנטער צו! נישט אַנדערש נאָר כשוף! דער ווינד טרייסעלט די בוימער, וויגט די קוסטעס, און דאָס קינד הערט ווי די בוימער רעדען איהם אין אויער אַריין:

— געה, האָב נישט קיין מורא, אין שטוב איז קיינער נישט דאָ... געה שוין, געה!...

אַ ליכטיגע נאַכט, אַ זילבערנע נאַכט! אין גאָרטען זינגט זיך שטיל דער סאַלאָוויי: „נעה, נעם! נישט דאָ וואָס מורא צו האָבען..." אַ נאַכטפּויגעל שוועבט אַרום איבער דעם קינדס קאָפּ און שרייט צו איהם: „ניין, ניין! זאָלסט זיך נישט וואַגען!" דער פּויגעל ווערט אָבער באַלד פּערשוואונדען, און דער סאַלאָוויי בלייבט איבער מיט זיין זיס געזאַנג: „געה, נעם..." די קוסטעס העלפּען צו מיט אַ שטיל רוישען: „קיינער איז דאָרט נישט דאָ..." די לבנה'ס ווייסע שטראַהלען בעגיסען די פּיעדעל און רייצען דאָס אָרימע קינד...

וואָס אַמאָל נעהנטער צו דער טיהר רוקט זיך דאָס קליינע געשטאַלט אין ווייסען העמדיל, ער שטעהט שוין אויף דער שוועל, אָט ווערט ער שוין פּערשוואונדען אין דער שטוב, אַ פּיסיל זעהט מען נאָך אַרויס, אַ שטאַרקער ווינד נעמט טרייסלען די בוימער, וועל־כע שרייען נאָך דעם קינד: „ניין, ניין! געה נישט!" נאָר אָט, ווערט שוין ווייעדער פלוצלינג שטיל...

אין נאָהנטען טייך האָבען די זשאַבעס אויפגעהערט צו שרייען, דער סאַלאָוויי זינגט שוין נישט, די בוימער רוישען נישט, די קוסטעס אַפּילו שטעהען שוין אויך שטיל, ערשראָקען...

יאַנעק קריכט ווי אַ קעציל אין דער פּינסטערער שטוב, דאָס קראַנקע האַרץ קלאַפּט אין איהם וואָס אַמאָל העכער, קוים וואָס ער קען דעם אָטהעם חאַפּען, די לבנה בעהאַלט זיך אונטער אַ וואָלקען, די פּיעדעל ווערט פּערלאָשען, פּערשוואונדען... אין אַ ווײלע אַרום פּאַלט אַ בליץ פון הימעל און בעלייכט אויף אַ רגע די וואַנד, די פּיעדעל און דאָס יונגיל, וואָס ליגט נעבען דער וואַנד אויף אַלע

פּיער, דעם קאָפּ פּעריסען, די אויגען גלענצען... באַלד ווערט ווידער פינסטער, נאָך שטילער ווי פריהער, נאָך שרעקליכער ווי פריהער...

פון דער וואַנד שווימט פלוצלינג אַראָב אַ שטילער קרעכץ, גלייך ווי ס׳וואָלט עמיץ אומגערען אָנגעריהרט די סטרונעס, און דערמאָלט... רופט זיך אָן אַ פערשלאָפענע, בייזע שטימע פון אַ ווינקעל:

— ווער איז דאָרט?

דאָס קינד הערט אויף צו אָטהעמען.

פון ווינקעל לאָזט זיך הערען נאָך אַ בייזער געשריי:

— ווער איז דאָרט?

אויף דער וואַנד רייבט זיך אַ שוועבעלע און ס׳ווערט באַלד ליכטיג אין שטוב.

דערנאָך?...

דערנאָך הערען זיך קללות, קלעפ... יאַנקאָ וויינט, די הינד אין דרויסען בילען, אין אַנדערע פענסטער ווערט באַלד אויך ליכטיג, אויף דעם גאַנצען הויף ווערט אַ גערודער, אַ גערויש, אַ געלויפעריי...

און אויף מארגען איז שוין יאַנקאָ געשטאַנען פאַר דעם וואָיט.

דער וואָיט מיט די לאַווניקעס קוקען אויף דעם אויסגעדאַרטען, דערשראָקען און דערשלאָגען קינד, ווי עס שטעהט פאַר זיי מיט דער האַנד אין מויל און מיט אויסגעגלאָצטע תּמ׳וואַטע אויגען, און וויסען גאָר נישט וואָס מיט איהם צו טהון. ווי מיט אַ גנב זאָלען זיי זיך בעגעהן מיט איהם, דעם צעהניאָהריגען קראַנקען יונגיל? שיקען איהם אין טורמע? אַך! מען דאַרף דאָך עפּיס האָבען גאָט אין האַרצען, דאָך אַ קינד און אַ יתום דערצו. זאָל איהם נעהמען דער סטראַזשניק און געבען איהם אַביסיל שמיץ, ער זאָל שוין נאָך אַמאָל פערזאָגען דעם צעהנטען...

וואָס דען?...

מען האָט גערופען סטאַך, וואָס ער איז דאָס טאַקי געוועזען דער סטראַזשניק, און אָנגעזאָגט איהם:

— הער סטאַך. נעם איהם, דעם שייגאַץ און גיב איהם, ער זאָל דיך געדענקען...

סטאַך האָט אַ שאָקעל געטהון מיט זיין גרויסען נאַרישעוואַטען קאָפּ אויף אַ צייכען, אַז ער ווייסט שוין וואָס מען מיינט, האָט גענומען דאָס קינד אונטער דעם אָרים ווי אַ קעציל, און האָט איהם ארויסגעטראָגען אין שטאַל.

יאַנקאָ האָט קיין פיסק נישט געטהון. ער ווייסט גאָר נישט אין וואָס עס געהט, נישט איהם מיינט מען דאָס... ערשט אַז סטאַך האָט איהם אַנידערגעלעגט אויף דער ערד, אויפגעהויבען דאָס העמדיל און גענעבען אַ שמיץ מיט זיין גראָבען פאַסיק, אַז ס׳האָט אַזש אַ פייף געגעבען אין דער לופט, האָט ערשט דאָס קינד אַ צאַפּעלדיגען געשריי געטהון:

— מאַמעשי!

און וואָס דער סטראַזשניק גיט איהם אַ שמיץ, גיט ער אַ געשריי: „מאַמעשי!“ נאָר דאָס געשריי ווערט וואָס אַמאָל שוואַכער, ביז ס׳ווערט אין גאַנצען שטיל, יאַנקאָ רופט שוין נישט די מאַמען...

— ע, דו נאַרישער סטאַך! ווער שלאָגט דאָס אַזוי אַ קינד? נאָך דערצו אַזאַ קינד, וואָס איז אַלע מאָל געוועזען אַ שוואַכינקעס, אַ קליינינקעס, וואָס קוים עס האָט געלעבט.

די מאַמע איז געקומען, האָט גענומען דאָס קינד אויף דער האַנד און האָט איהם אַהיימגעטראָגען. געלעגען איז ער אַ טאָג־צוויי, זיך נישט געקענט ריהרען פון אָרט, און אויף דעם דריטען טאָג האָט ער שוין געגןסט אויף דעם טאַפּטשאַן, צוגעדעקט מיט דער מאַמעס אַנ׳אַלט קליידיל.

אויף דעם קאַרשענ־בוים, וואָס האָט אונטער דעם פענסטער געוואַקסען, האָבען זיך פרעהליך געזונגען די שוואַלבען, אַ פּאָר שטראַהלען האָבען זיך אָבגעריסען פון דער זון און זענען אַריין דורך דעם פענסטער אין נידריגען ענגען שטיביל, האָבען ליעבליך אַרומגענומען דעם קינדס קאָפּ, געשפּיעלט זיך מיט זיינע איינגעפאַלענע באַקען, וואָס קיין טראָפּען בלוט איז אין זיי נישט געבליבען, געקומען זענען זיי אַרויסצופיהרען די אָרימע נשמה פון דעם געשלאָגענעם און אייביג געפּייניגטען גוף, און צו ווייזען איהר דעם אייביג ליכטיגען וועג...

דערווייל אָטהעמט נאָך ווי ס׳איז זיין איינגעפאַלען האַרץ, דערווייל הערט ער זיך נאָך איין צו די פערשיעדענע קולות, וואָס העוען זיך פון דערווייטענס, נאָך אַליץ דאַכט זיך איהם, אַז דאָס גאַנצע דאָרף זינגט...

פאַר נאַכט איז עס. פון פעלד געהען שוין צוריק די אַרבייטער מיט אַ געזאַנג: „אָי! אויף די גרינע לאָנקעס!“ פון טייך לאָזט זיך הערען דאָס טרויריג שפּיעלען, פון פּאַסטוכס פּייפּעריל... דאָס לעצטע מאָל הערט שוין יאַנעק ווי דאָס דאָרף שפּיעלט... נעבען איהם, אויף דעם טאַפּטשאַן ליגט די הילצערנע פיעדעל, וואָס ער האָט זיך אַליין געמאַכט.

פלוצלינג ווערט זיין פּנים ליכטיג, און די גוסס׳דיגע ליפּען שעפּטשען קוים וואָס מען הערט.

— מאמעשי?...

— וואָס, אָרים קינד מיינס? — רופט זיך אָן די מאַמע.

— אין הימעל וועט מיר דער אויבערשטער געבען אַ רעכטע פיעדעל?

— יאָ, — ענטפערט די מוטער — אין הימעל וועסט דו בעקומען אַ רעכטע פיעדעל.

און מיט אַ ביטער געוויין פאַלט זי אויף דעם קאַסטען, ווילד שרייענדיג, ווי אַ מענש וואָס מען רייסט ביי איהם אַרויס דאָס איינציגע, וואָס ער האָט אויף דער וועלט.

און ווען זי האָט נאָכדעם אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון דער ערד און געוואָרפען אַ בליק אויף איהר איינציג קינד, האָט זי זיך געטראָפען מיט זיינע אָפענע, פערגלאָצטע אויגען, מיט זיין ערנסט שטייף און טונקעל געזיכט...

די איינציגע שטראַהלען זענען אויך פערשוואונדען געוואָרען... יאַנקאָ איז שוין אויף אייביג איינגעשלאָפען...

אויס דעם פוילישען איבערזעצט פון

מ. אַרנשטיין.

---

## „אָזי“.

(ענגרע)

שווער איז אָזי אויפגעצויגען געוואָרען ביי זיינע פיער מאַמעס און דריי טאַטעס: וואו ער איז געגאַנגען, איז ער געפאַלען, וואו ער האָט זיך געזעצט, איז ער אַליץ אַראָבגעפאַלען; האָט ער זיך ערגיץ — וואו אַ זעץ געטהון — האָט ער אויף הדשים־וויז געהאַט צו היילען זיך; האָט אַ הונד אויף איהם אַ האווקע געטהון, האָט מען איהם אַ

גאנצען חדש געדארפט שפרעכען — שווער, שווער האט ער זיך אויפגעצויגען; נאר איין טרייסט האבען זיינע „טאטעס און מאמעס" געהאט אין איהם: ער לערנט — קיין בייז אויג! דער מלמד קאן זיך ניט אבלויבען פון איהם. ער איז מודה, אז פון דיענסטאג אן האט ער שוין ניט וואס צו טהון ארום איהם.

„גאט און לייט מעגען אייך מקנא זיין, פלעגט ער ענדיגען דעם שבח איבער אזוי'ן: ער לערנט שוין אב אינ'עמוד גמרא, און זאגט נאך ווי איין אלטער!"

און די באבע פערגלאצט די אויגען: „כ'בין עס אוודאי ניט ווערט!" גיט זי אין דער שטיל אב א שבח צו גאט.

„געראטען, איהם צו לאנגע יאהר, אין מיין פעטער אלקנה", בעבעריהמט זיך די מוטער.

— „יא, אוודאי, לאכט זי אויס די מוהמע רבקה: ער האט שוין ניט אין וועמען געראטען צו זיין, נאר אין דיינע פעטערס!"

און א רעכען־מייסטער וואקסט דאס! דער פעטער מאיר טראכט איבער, אז נאך אין יאהר ארום, וועט ער איהם שוין ניט האבען וואס צו לערנען! דעם שווערסטען חשבון זאל מען איהם פרעגען — דער פעטער מאיר דארף נור זאגען: „ס'איז א כפל... א חלוק..." — אזוי חאפט און מאכט שוין דעם חשבון, שטעהענדיג אויף איין פוס.

נאר אזוי'ן געהט שוין דאס זיבענטע... דאס אכטע... אזוי איז שוין נייען אויפ'ן צעהנטען יאהר.

דער מלמד — שוין ניט דער מיליכינגער, ער האט שוין פינף מלמדים איבערגעלעבט, ער לערנט שוין ביי „חיים־יונה טיסמעניצער" — און דער מלמד הויבט זיך אן בעקלאגען אויף איהם: „ער וויל ניט האטש צורייס זיך דא אויפ'ן ארט. ער וויל ניט און שוין. איך מאטער זיך א גאנצע וואך איבער א פרשה רש"י! פאראיאהרען פלעגט ער די גאנצע סדרה אבלערנען! היינט גלייך ניט צו איהם רעדט מען".

דער זיידע גלאצט אויס א פאר אויגען אויף אזוי'ן: אזוי אזעלע! נו, אז ער וויל ניט, מעגט איהר איהם מקים פסק זיין! נישט קשה, ער איז שוין א היבש קינד, קיין בייז אויג!"

נאר דער מלמד איז זיך מודה, ער האט זיך שוין אליין מתיר געוועזען, געפרופט מיט דער האנד, געפרופט מיטן קאנטשיג, און ס'העלפט ניט, דו רעדסט דיר אויס די גאל, און ער קוקט אויף דיר, ניט צו אייך רעדענדיג, ווי א באק".

„אין דעם איז דאס מאמעלע זיינס שולדיג, ערקלערט די מוהמע רבקה, זי גיט עס איהם אזוי נאך, זי מאכט פון איהם א תל! ט'האסט דיר דעם פעטער אלקנה דיינעם!" אין הויז האט ער זיך אנגעהויבען ווארפען אין די אויגען אריין — „ער שטעהט אויף איין ארט" — פלעגט זיך א מאל דער פאטער פערוואונדערן; ער הייסט שוין אצונד ניט אזוי, ער הייסט שוין יוסילע, ער טראגט שוין א לייגנער קאפאטקאלע ער עסט שוין ניט פאר'ן דאוונען... שוין געפרופט דאס יאהר א האלבען יום־כפור אבפאסטען, „ער איז שוין ניט קיין קינד!" בייזערט זיך דער זיידע, אז עמיצער פון הויז רופט איהם נאך אזוי, „שוין קיין בייז אויג א היבש קינד! א יונגיל סך הכל קיין גאנצע דריי יאהר שוין ניטא צו די תפילין!"

און יוסילע האט נאך היינט אויך א פיסקיל אויף שרייפליך, זאגט נאך די אייגענע ווערטליך און שטעכווערטליך, וואס מ'האט איהם א מאל איינגעהזר'ט — קיין נייע האט מען איהם שוין ניט געלערנט — נאר זיי געפעלען אצונד קיינעם ניט.

„גלייך ער איז גאר ניט עלטער געווארען", זיפצט דער פאטער אב אין הערצען.

יוסילע קומט אפטמאל אהיים מיט פערוויינטע אויגען פונ'ם חדר; מע קאן איהם ניט הושד זיין, ער זאל זיך מיט די יונגליך האבען געשלאגען, ווייל ס'איז ניט זיין טבע געוועזען. ער פלעגט זיך מיט קיינעם ניט צונויפקומען, און יונגליך, אפילו פון זיין חדר פלעגען איהם אויסווייכען. מ'האט איהם צווישען קינדער קיינמאל ניט ליעב געהאט.

מע שטויסט זיך אן, אז דאס האט איהם דער רבי מן הסתם מקים פסק געוועזען.

„תבא עליו ברכה!" זאגט דער זיידע.

„געבענשט זאלען זיינע הענד זיין!" פערטייטשט די באבע: וואס דען? זאל ער וויסען!

זאל ער לערנען, ווי א יונגיל דארף לערנען!"

יוסילע פיהלט צום מאל דעם שנוי פון די הויזגעליעדער צו זיך און בלייבט פערוואונדערט. ער דערמאנט זיך ווי איטליכער פלעגט זיך שמעלצען איבער איהם, ווי די מוטער פלעגט דעם פסק האבען, אז זי האט אמאל אנגעשריען אויף איהם; יעדער פלעגט ליעב האבען עפיס פרעגען איהם, דערצעהלען, פריווען אויף א „טרעפעכטס"... היינט פערגעסט מען איהם אויף גאנצע טעג... דאכט זיך, מע קוקט איהם אן בייז... איהם טהוט זעהר באנג נאך יענער צייט... „פאר וואס איז פלוצים גאר אנדערש געווארען? פרעגט ער זיך, מען קלאגט זיך אויף מיר כ'וויל ניט לערנען... וויל איך דען ניט?... נאר איך קאן דאך אבער ניט... מסתמא דארף מען אנדערש ווערען... אז זיי זאגען, איך וויל ניט, מסתמא וויל איך ניט"...

ער ווערט טרויריג, ווען ער טראכט וועגען דעם. נאר ביסליכווייז ווערט ער געוועהנט דערצו. אפילו דער פעטער מאיר — ער פלעגט איהם אזוי ליעב האבען, היינט בייזערט ער זיך אויף איהם תמיד. זייט ער האט זיך אויף איהם שטארק צושריען ביי א חשבון, וויל ער שוין ניט לערנען מיט איהם: „קיינער האט זיך דעמאלס ניט אנגענומען פאר מיר".

און דער פעטער מאיר האט זיך באמת שטארק געבייזערט אויף איהם, געזאגט נביאות, אז ער בלייבט א „פערשטאפטער קאפ". ס'טייטש, טענה'ט ער זיך אויס: אליין זאגט ער נאך, אז וואס גרעסער דער „זגאמענאטעל" איז, אלץ קלענער איז דער „ברוך" — און צום סוף פרעג איך תכף: וואס איז מעהר: „דריי זיבצענטיל אדער דריי זיבעציגטיל", ענטפערט דער פערשטאפטער קאפ: „דריי זיבעציגטיל!"

יוסילעס איינציגע טרייסט איז נאך געבליבען, וואס ער פלעגט אלע מאל קראנק ווערען און דעמאלס פלעגט ער ווידער זעהן ארום זיך די פערזארגטע פנימער פון אמאל. יעדער פלעגט זיך ווידער מיט איהם אינטערעסירען ווי א מאל.

און קראנק איז יוסילע אפט געווען, עס איז נישט געווען איין אונטערגאנג, וואס זאל יוסילען דורכלאזען, חוץ דעם — א שטענדיגער אקאפוועהטאג. היינט פלעגט זיך איהם אלע מאל אברופען אלטע וואונדען, אויף די עלענבויגענס און אויף די קניה... דער פאטער האט שוין עטליכע מאל געמאכט א פראגע, אויב מע דארף ניט פאהרען מיט איהם צו עפיס א גרויסען דאקטאר.

אויף איינמאל שבת צו נאכטס איז „חיים־יונה טיסמעניצער" אריינגעקומען אויף כלומר'שט טיי טרינקען, און בתוך כך האט ער געמאכט א שמועס פון יוסילע'ן. ער האט זיך געקלאגט: „ער האט שוין

פערגעסען אפילו, וואס ער האט פאר צוויי יאהרען געקאנט, ווייטער לערנען מיט איהם איז אונמעגליך. קיין בייז אויג א יונגיל — ער לעגט שוין תפילין פון א יאהר און קאן ניט פאר איינעם פון צעהן יאהר".

עס ווערט אין הויז א קאכעניש, מע נעמט זיך צו יוסילע'ן; יוסילע קוקט מיט די אויגען און הערט אויס.

„כ'ל דיך נאקיט אויסטהון!" שרייט דער זיידע.

„פאר א פאסטוך וועל איך דיך מאכען"— זאגט דער פאטער צו.

„קאטעווען דארף מען איהם" — לעגט דער שוואגער זיינס צו.

„נו, וועסט שוין לערנען מארגען?" פרעגט די מוטער מיט אפענעם כעס, און אינוועניג קעהרט זיך איהר דאס הארץ איבער פאר רחמנות.

„כ'וויים ניט"— ענפערט יוסילע תמ'וואטע.

„וואס דען איז בעסער, מע זאל דיך נאקיט אויסטהון? פאר א פאסטוך מאכען" — מוסר'ט איהם די באבע.—

„כ'וויים ניט"— ענפערט ער אלץ מיט דעמזעלבען טאן.

דער עולם ווערט בייז פון זיין ענפער; נור די באבע קוקט זיך איין אין זיינע אויגען, און ווערט בלייך פאר שרעק.

ער זעהט אויס ווי א קינד... ווי א זיבען יעהריג קינד, האט זי קוים ארויסגערעדט.

איינציגווייז געהט יעדער צו און קוקט זיך איין אין יוסילעס אויגען, אין זיין זיצען, אין זיינע אלע מינעס, און עס ווערט יעדען א־גרויס חדוש. וואס האט ער עס ביז אהער ניט בעמערקט.—

א קינד... א תמ'וואטעס קינד!... אויף גאנצע פינף — זעקס יאהר יונגער... ברומט יעדער צו זיך.

„אונגליק מיינס, אונזער קינד איז קראנק!" טהוט די באבע א פאטש מיט די הענד, איין עין־הרע האט איהם געשאדט!"

„איך שריי שוין לאנג, אז דאס קינד דארף א גרויסען דאקטאר!" האט זיך דער פאטער כמעט צוזויינט.

„וואס דיר — דאקטאר, ווער דיר דאקטאר! מע דארף מיט איהם פאהרען צו א־נ־אבשפרעכער! האסט שוין געזעהן א דאקטאר זאל העלפען צו עין הרע?"

יעדער הויבט זיך אן דערמאנען, וואס פאר א קינד דאס איז געוועזען; ווי יעדער האט נור מיט איהם געהאט צו טהון, און וואס איז פון איהם געווארען — און מוז מודה זיין, אז די באבע איז גערעכט, מען זעהט בחוש, ס'איז איין עין הרע.

„אט פאר וואס מיין קינד ווערט נעביך אלע מאל קראנק, וואונד איז מיר און וועה! קלאפט זיך די באבע אין הארץ, און איך האב ביז אהער גאר ניט געקאנט זיך אנשטויסען דרויף!"

צוויי יאהר איז מען מיט יוסילען אומגעפאהרען צו שפרעכערס און דאקטורים. שפרעכערס האבען געשפראכען, דאקטורים האבען אנגערופען די קראנקהייט מיט לאטיינישע נעמען, אזוי אז מ'האט גאר ניט געקאנט אויסקלויבען. זיי האבען זיך געוואונדערט אויף יוסילען, אויסגעפרעגט נארישקייטען: אויב ער שפיעלט זיך, אויב ער עסט... געפונען, אז די ביינער אין איהם זענען ווייך, און עפים נאך און נאך געבייזערט זיך, ווי די טבע פון א דאקטאר איז.

„מיינע צרות אויף זייערע קעפ!" בטל'ט די באבע חלומות אויף אלע דאקטוירים — „דאס קינד איז קראנק און שוין".

נור איין אלטע שפרעכערין, דער באבעס א נאהנטע בעקאנטע האט אנ'עצה געגעבען, מע זאל איהם חתונה מאכען. די אלע פרישטשעס מיט אלע וואונדען, וואס איהם עפענען זיך אלע מאל מיט דער גאנצער „עין הרע", וועט מיט די פוסטע וועלדער אוועק, אזוי באלד מען וועט איהם חתונה מאכען. זי שטעלט דעם האלדז.

די באבע האט קוים דערצויגען נאך צוויי יאהר. אז יוסילע איז אכטצעהן יאהר אלט געווארען, האט זי צוגעזאגט שדכנים א מנה יפה, אז זיי וועלען יוסילען עפים א לייטישע כלה אויסזוכען.—

און יוסילע האט חתונה געהאט און קינדער געבארען...

יהודה שטיינבערג.

---

## נדבות

פון די ציוניסטען בשעת קריאת התורה בש"ת געזאמעלט ע"י בנימין זילבערמאן אין קיליא, סך 5,60 רובעל.

צוראוואָ (נאוואגאראד. גוב.). לטובת הפועלים בא"י האבען מיר עריוה"כ צוזאמענגעקליבען 2,90 קאפ. — כפרות־געלד 45 — ה. מ. עדעלמאן 50 — ה. ד. ארקין 30 — ה. ה. סקוי 20 — ה. א. נעמיראווסקי 20 — ה. א. זאנדער 20 — ה' ב. גוטקין 20 — פרייליין ס. טרעסקונאוו 15 — ה. י. בעלסאן 10 — פרוי בעלסאן 10 — ה. א. ל. בעלסאן 10 - ה. א. וואלקאן 10 — ה. א. דוניץ 10 — ה. א רובאנאקע 10 — ה. א. ראג 10 — ה. מ. דעקסטער 7. — ד. אָרקין, ה. סקוי.

---

## בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאן.

אן ה' ס. ראזאווסקי — באטראקי: דער „לוח תרס"ב" קאסט אזוי ווי מיר האבען מודיע געווען, פון 15 תשרי אן 1,30 ר', מיט פארטא 1,60, געבונדען 40 ק' טייערער. — פון דער גאנצער אויפלאגע איז שאן זעהר ווייניג דא.

אן דער חברה „אהבת ציון" — סאסנאוויצע: איהר קאנט די אלע אידישע צייטונגען, וועלכע איהר פרעגט אן, דורך אונז אבאנירען לויט די רעדאקציאנספרייזען, — איין קאטאלאג שיקען מיר אייך — ווינשען ערפאלג. —

ה' י. מילער זגיערז: אלס אבאנענט אויף דעם „יוד" קאסט אייך די וועלטגעשיכטע 1,50 ר'; די פאלקסגעשיכטע 2,30; דער פאלקסקאלענדער 38 ק'. אלעם מיט פארטא. —

ה' לודוויק ז—ג ברעזין: „פאמאדע די האאר צו פארבען" „אהנע די האנד צו בעשמוצען" האבען מיר ביי אונז נישט צו פערקויפען; מיר האבען אנדערע ארטיקלען: צייטונגען, ספרים, ובדומה.

ה' אדם ט—טויב ריגא: די פרייזען פון מודעות זיינען אנגעגעבען אין יעדען בלאט. יעדע שורה פטיט (קליינע בוכשטאבען) קאסט 10 קאפ. אויב איהר וועט דרוקען מעהרערע מאהל וועט איהר בעקומען איין ראבאט.

ה' ז.מיל—קי מיטוי: נישט די נאטען וועלכע איהר פרעגט און ניט די ביכער זיינען צו בעקומען. —

ה' עזרא סגל — ביעלצי: פיר דער נו' וועלכע איהר פרעגט ביטע צו שיקען 15 ק' — פיר דער מודעה וועלכע איהר שרייבט וועט קומען 1 ר' פיר 1 מאהל. —

ה' מ. ב. קאוועל: צו פארבען לערנט „דער פראקטישער פארבער" און „חעמישע וועשעריי".ביידע ביכער פון שפירא ביאליסטאק. —

---

---





---



---

